מ. חסיד

# אַ שאָטן טראָגט
# מיין קרוין

פּאָרטרעט און אילוסטראַציעס פון  ב ע ן
אותיות געצייכנט פון יחיאל שיינבלוים

אַרויסגעגעבן פון ״מ. חסיד בוך פּאָנד קאָמיטעט״.
מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, — תשל״ה —
1975

מיט דאַנק ווערן דערמאָנט:

דער קאָמיטעט פון "מ. חסיד בוך פאָנד",
די "חיה און פנחס הובערמאַן פונדאַציע
פאַר יידישער קולטור", וואַנקוווער.
דער קאַנאַדישער יידישער קאָנגרעס,
פאַרבאַנד פון יידישע קהילה באַדינונגען —
די יידישע פאָלקס ביבליאָטעק,
די תנ"ך גרופע.

מאַשע און לייבל ראָסקעס,
יוסף בערמאַן,
ש. אידעלסאַן,
בערל פאַפּעליס,
ען אָרנשטיין (פאַרן דורכפירן טעכנישע אַרבעטן)
און אַלע פריינד וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן
די מיטלען פאַרן פאָנד.

אַ ספּעציעלע אָנערקענונג צו
דבורה און הירש האָזענפעלד,
סימע און פעליקס דאַוואַנג
און יעקב זיפער.

געווידמעט
יאירן
מיט פריינדשאַפט

M. HUSID

# A SHOTN TROGT MAJN KROJN

# מ. חסיד \ אַ שאָטן טראָגט מיין קרוין

געדרוקט אין מאָנטרעאָל
1975

Printed in Canada by
THE NORTHERN PRINTING AND LITHOGRAPHING CO.
4844 St. Lawrence Blvd.
Montreal, Que., Canada H2T 1R6
1975

# דיין פסק

לערן אויס זיך שטיל זיין
ווי עס איז אַ שטילע טויב.
(אַ טויב איז שטיל?)
פרעג מער קיין קשיות ניט.
הער אויף צו זיין
אַ נודנע גריל.

שפּרייט בעסער אויס דעם הימל
איבער זיך.
(קען מען אַ הימל שפּרייטן?)
גיי מער ניט נאָך זיך אַליין —
קענסט זיך פאַרלירן אין אַ צוויטן.

שטעל שטום אַוועק זיך ביי די
מיליאָנען קברים.
(ווו זיינען דען געבליבן קברים?)
הער אויף צו טאָטשען
אין דיין מוח.
נעם איין דיין וואָרעם.

בלייב פּורכטיק,
ווי אין אַ סוף־אלולדיקער נאַכט.
עס קומט דער יום־הדין.
דו האָסט
דיין פּסק,
אין זיך אַליין,
דיר מיטגעבראַכט.

# שער הרחמים

אויפֿן וועג צום שער הרחמים
שטייט אַן אייזעלע צעחושט —
אַלע טויערן איז די זון אַריבער
און דעם וועג געקושט.

איז איין סטעשקע דאָרט אַראָפּ
אין תהומען
און אַ צווייטע
אין געוועלבטער הייל
און זיך אויסגעזוכט
אַ בזירישע מגילה
אַלט, צעקנייטשט
און
געל.

פֿון מגילה הייבט דעם קאָפּ
אַרויס
אַ נבואה —
וואָס־זשע ווייסט דערפֿון
אַ בהמהלע, אַן אייזל ?
שטופּט זי טיף אַריין אַהין
איר מאָרדע
און זי רייבט אין שטויב
דאָס בעזל.

קוקט זיך צו
דער שער הרחמים
מילד און, דאַכט זיך,
שטויביק
און דאָס אייזל, ווי אַן אייזל,
שטייט אַזוי
מיט אַלע פּיס אין דער מגילה,
צעחושט, פֿאַרגאַפֿט
און —
אייביק.

## אַ שטערן בענקט אַהיים

קלויצן לאַנג דעם ירדן אין דער נאַכט
גנבים־פּיס. וואַלקנס אין דעם וואַסער צאַנקען.
דער חלום שלעפּט פון דאָרט אַרויס
אַ חברל אַ קראַנקן.

אַ כנעני כאַפּט מיך אָן ביים לאַץ,
ער וויל די מלכּת־שבא מיר גיך פאַרקויפן.
אַלע מיינע גאַסן לויפן פריילעך צו אים צו,
בלויז איין גאַס בלייבט מיר צו אַנטלויפן.

וויטיקט אין מיר טיף די מוטערלעכע ערד,
וויטיקט שטום אַ קרומער ווינקלשטיין
און ווערט אַזוי משונה־ווילד
מיט זיי אין וויטקייטן אַרומצוגייך.

גאָט טוט אין סאַמע פייערפלאַם צו מיר אַריין —
עס ציטערט, קוקנדיק אויף אים, אַן אַלטע ברעם.
די הימלען קערן זיך פאַרשעמט צום הימל אום צוריק.
אַ שטערן בענקט אַהיים.

# ייִדישע ווערטער

איך וועל מיר מיטנעמען
אַ פערד און וועגעלע
און וועל אַרומפאָרן
פאַרשפּרייטן,
אין מיין אייגן לאַנד,
ליידנדיקע
ייִדיש־קודש
ווערטער.

אין זייערע שפּאַלטן
האָבן גלות־ווינטן
לאַנג
אַריינגעבלאָזן שטויב
פון מעבר־יבוק
ערטער,

אויף קרומע־דערנערלעך
פון זייערע אותיות
געלופּטערט זיך
עס האָט אַ העמד,
אַ העמד געשענקט דעם
ייד־הקדוש,
אַ העמד אַ פּראָסטס
מיט שבת־שטעך,
אַלטמאָדיש,
נאָר נעמען האָט עס,
ווי אַ רייף,
אַרומגענומען פעסט
מיין שוואַכן גוף
מיט גאולה־ברען
און לויטערע
כיסופין.

און נאָך אַ וואָרט
וועל איך פֿאַרשפּרייטן
שטילערהייט
אָט דאָרט,
אַ וואָרט וואָס האַלט אַלץ
אין איין רופֿן:
עס רופֿט אי גאָט, אי לייט
צום יום־הדין
און ווערט פֿון רופֿן
ביז אויף קויל פֿאַרברענט.

וועל איך עס נעמען
אויף די הענט
און קוים דערטראָגן
צו פֿאַרקוילטע
ברידער.

און, אסור, צי עס וועט מיך
אַרן גאָר
וואָס אַנדערש טוען
דיכטער
היינט
פֿאַרשוואַרצן זייערע לידער.

# מײַנע פֿעטער

מײַנע פֿעטער
האָבן אױסגעזען
מיר
אין די אױגן
אָפּט
(װער װײסט פֿאַרװאָס)
װי תּרחס גולמדיקע
שטומע געטער —
כאָטש אַלע זײַנען זײ
געװען
פֿאַרהאָרעװעטע, זשװאַװע
פֿעטער.

נאָר אײנער האָט
אַ פּנים אַזאַ מילדס געהאַט,
װי שפּיגלען זיך דערין
װאָלט, ניט אומיסטן,
גאָט.

ער האָט אױף אונדזערע
יאַרידן
לחלוטין
ניט געפֿונען
װאָס צו טאָן
און אין די װינטער נעכט
געליטן
מוראדיק
פֿון אַ פֿאַרפֿױלטן, אײַנגעשפּאַרטן
צאָן.

מײַנע פֿעטער
זײַנען אַלע
ערגעץ װוּ
פֿון פֿרעמדע העק
צעהאַקט
געװאָרן.

און איך, איך האָב
קיין ענטפער ניט
קיין קלאָרן:
פאַרוואָס האָב איך
זיי
אָט אַזוי אַמאָל
געזען
און טוען טוען ווי
מיר
אין די נעכט,
אָן אויפהער,
זייערע מאָנענדיקע
בליקן
און די אויסגעהאַקטע
ציין.

## געשטאָרבן איז אַ ייד

געשטאָרבן איז אַ ייד אין אַלטן שטעטל
איז דער בית-החיים גלייך אַריין אין אַלע הייזער
און מיטגעבראַכט די מיטה און דעם בר־מינן:
— אַ קבצן, נעבעך, אַ משפּחה־שפּייזער!

האָט עס אַ יעדן אָפּגענומען הענט און פיס
און די אמונה איז געבליבן הענגען אויף אַ טרער:
— אַ כשרע נשמה איז צום מקור אירן ווייט אַוועק,
מיט וועמען וועט זי אומקערן זיך צוריק אַהער?

תמימותדיק געוואַרט עס האָבן ווענט און טירן,
געוואַרט דער בית־החיים אין די הייזער:
— אושפּיזין קומען צו דעם בר־מינן?
עס ציטערן אין שטוב אַרום די גלעזער.

# וואָס מאַכט אוי׳ס ...

וואָס מאַכט אויס ביים אייבערשטן
אַ סטעליע ?
שפּאַלט ער איין זי
מיט זיין הימלישער קאַפּעליע.
נאָר זייער שפּילן רייצט
די נעכט.
ווערט דער שטן בייז
און שטעכט.
סקריפּען בענקלעך, וויינט
דער טיש.
ווישט נערוועז דער
פלעדערוויש
און אויף ווענט, ווי טונקעלע בריאים,
קריכן שלאָבעריק מחשבות.

רוקן זיך אַרויס אין מוח
בלאַנדזשענדיקע, גרויע אבות
קוקן לאַנג און, דוכט זיך, ברוגז
וואָס מען מאַכט פון זיי אַ צימעס.
(אַפּיקורסים וואָס פאַרגעסן,
קענען ווערן
נמאס.)
נעמט אַ פּאַלע־אָן אַ פּאָלע
און מען רוקט זיך
אויף צוריק.
ביז אין ווינקל הייבט־אָן זינגען,
אויף אַ קול,
מיין אַלטע וויג,
מישט אַריין זיך, אויף טשיקאַוועס,
די פאַרכישופטע קאַפּעליע.

וואָס מאַכט אויס ביי גאָט,
אַ שטייגער,
איצט מיין פליענדיקע
סטעליע ?

## שוואַרצע רייטער

שוואַרצע רייטער, צלם ברידער
שאַרן פייער פון מיין חלום
און פון חלום קוקט מיין טאַטע:
טרעפט ער אפשר אַז איך מאָל אים?

רויטע פייגל האַלב פאַרברענטע
טראָגן שטיקער פון מיין דאַך
און דער ווינט צענעמט די שטיינער
פון דעם פוסטן יידן־שליאַך.

שטייט דאָרט אויסגעפּוצט אַ צערקווע
און אין גאָלד אַ שטומער צלם,
זינגט דער פּאָפּ אים הללויהס
און עס קניט פאַר אים אַן עולם.

— — — — — — — — — —

פלוצעם ווערט ווער אש־להבה
בלאָזט אין פנים מיר דעם חלום:
וויל ער ויסן צי איך האָב אים
ניט פאַרגוישט, חס ושלום?

## די אויגן האָבן שוין געגנוג

איך נעם אַרום זיך מיט דער נאַכט.
וואָס טוט מען מיט די טעג?
די ווייטן זיינען ווייט —
בלייך דער מילכוועג.

פון אייגן חומשל עס מורמלען אותיות צו מיר:
— ויאמר... און ער האָט געזאָגט צו מרדכין, לאמר...
די אויגן האָבן שוין געגנוג געקוקט.
עס וויאַנען געל די ביימער.

# לאַנד פון שטיינער

צעקרישלט האָט מען אַלע שטיינער
אונדז
אין לאַנגע גלותן —
געבליבן איז אַ שטיין פאַר אונדז
אין דיר,
דו
לאַנד
געבענטשט מיט שטיינער.

צעריבן האָט מען אַלע ביינער אונדז
אויף אַש —
אין דיר נאָר
אייביקן
דור־דורותדיקע ביינער.

שטיי איך און מיין בליק
פאַרקריכט
פון דיינע בערג
אַרונטער ביז קיין סדום;
עס וועט אויך בלייבן
אייביקן
אַ ביין
פון מיר דאָרט
מן־הסתם.

וועט אייביקן, וועט אייביקן, וועט אייב...
עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם מיר אַ שטיפּערישער ווינט.
לייג איך אַוועק זיך רוען
אויף דיין ווייכער ערד
און שלעפער אין אַ שטיין אַריין
מיין זינדיקן אַצינד.

# ביים גלבע

שרייט־עס שאול צו מיר פון דעם שליאַך?
וואָס־זשע מאַך איך מיך טויב?
כ׳גיי אַרויף אַ חלמיש, אַ פעלדז
זוך אַרום דאָרט מיין נעכטיקן שטויב.

ווי־לאַנג אַט־אַזוי בין איך טויט
און ווער איז ער מיין איצטיקער איך?
קוק נאָר אָן ווי ער שפּאַנט דאָ פאָרויס
און ער טראָגט אויף די פיס מיינע שיך.

טוט אַ שווינדל אין קאָפּ און אין אויגן:
איז חלשות אָן אָנזאָג פון קדושה?
צי דאָס וויל בלויז דער טונקלער אַמאָל
פאַרברענען אי מיך — אי מיין רשע?

שאול זוכט איצט בקמה אין מיר
ווייל איך האָב שוין אַמאָל אים באַרויבט —
אָדער האָט גאָר דער שטיפער, דער ווינט
מיט מיין אייגענעם שטויב מיך באַשטויבט?

# בענקענדיקע פענצטער

בענקענדיקע פענצטער
מיט פרומע צניעותדיקע־פרויען
קוקן אין דער שטוינענדיקער ווייט
אריין —
וואָס וואַרטן זיי אַז דאָרט
זאָל זיין?

פאַרדעקט די נאַקעטקייט זיך
גיך
דער אַלטער הימל.
אַ באַרג טוט־אָן איבער זיין קאָפּ
אַ שיר המעלות.
עס לאָזן שטיל אַראָפּ זיך
פון דער סאַמעטענער הייך
די שבתדיקע כלות.

דערלאַנגט מען מיר אַ פולן
פיליגראַנען בעכער
און שפילט אַ פּנים זיך
אָט דאָרט
אין גלאַנץ פון קידוש וויין.
וואָס קען עס דען, אַ שטייגער,
פאַר אַ פּנים זיין?

ביים בענקנדיקע פענצטער,
ווי אַ סאַרנע ביי אַ קוואַל,
שטייט מיין פרוי
און קוקט גאָר לאַנג
אין טיפעניש פון חלום מיר
אַריין.
וואָס איז זי אין דעם חלום?
וואָס וואַרט זי דאָרט צו זיין?

# ביים סיר־הבשר

אפשר האָבן טאַקע מיר
זיך לאַנג פאַרזעסן
ביי דעם
סיר־הבשר.
(אַ שפּילעכל, דער סיר־הבשר!)
פאַר אונדז האָט ער געשמעקט
ווי נישט דערקאָכטער שמאַטע־באָרשט
מיט באָקסער טרוקענע
פון חמישהעשר.

אפשר האָבן מיר דאָס טאַקע
אַנגעזעצט דער וועלט
און איר געבליבן שולדיק
אַ מאַיאָנטעק
ניט דערחלומטע חלומות —
איצט ליגט דער חשבון
אַ פאַרבלוטיקטער אין דר'ערד.
ווער מען אים סילוקן?
אין וואָסערע מקומות?

אפשר שטייען מיר אומזיסט
אין סאַמע־מיט
פון פאַלנדיקן טעמפּל,
ווי שמשון בלינד,
(גאָט האָט אַזוי מוראדיק צעחושט
אים)
און גרייטע זייַנען מיר,
אַזוי ווי ער
צו שטאַרבן מיטן שונא.

נאָר ווער,
אַ שטייגער ווער,
זייַנען היינט דאָ
צווישן אונדז די
פּלשתים?

# ת ה ל י ם

ווער זאָגט מיט מיר איצט
אַ קאַפּיטל
תהלים?

דער טאָג
דרייט מיד אָוועק
זיין עצבותדיקן בליק —
קען זיין
אַז איך פאַרליר
אים.

פון ציון־באַרג
עס לויפט אַ שליאַך
דורך מיר אַדורך
העט־העט
צום יאַרמעליניצער
יאַריד.

עס קומט פון דאָרט
אַ מאַן,
אַ גבר,
אַ גוי
און אפשר ניט.
נאָר שפּאַנען שפּאַנען נאָך אים נאָך
אַ כאָפּטע שיקסעס,
וואָס זינגען גוישע מזמורים
הללויהס.

צלמען זיך איבער
פרעמדע הימלען,
פּראַוואָסלאַוונע צערקוועס
און מיאוס געשטופּלטע
כאָכלאַצקע גויעס.

זיי קוקן אַלע
פרום פאַרויס,
גאָר די פאַרשמירטע פּיס
מ׳טובלט
אין אַ ים פון גליזווערדיקן
בלוט

און עס גיסט זיך מיט אַ מאָל
צונויף
דער דניעסטער
מיט דער וואָלגע
און פאַלט דער דניעפּער
גאָר אריין
אין סאַמע מיט
פון פּרוט.

טוט אויף זיי אַ קוק
פון אַ קאַפּיטל תהלים
דער אַלטער
מלך דוד,
אָנגעטאָן אין טאַטנס
לאַנגן
אויסגעגלעטן קיטל
און מאַכט צו מיר
אויף לשון־קודשדיקן
יידיש:

— זעסט, כ׳האָב אויך זיך
עפּעס אויסגעלערנט,
חכם אײנער,
ביי דיר
אין גלות.

# פרעמד לשון

איך שריי אַריין אין אויער
פון דעם ווינט —
נאָר ווילן וויל ער מיך ניט הערן —
ער איז אַן אייניקל
פון יענע יוסטע ווינטן,
אַלט ווי די ערד,
וואָס האָבן שוין געזען
אין פרעהס רייטוואָגן
די שיר־השירימדיקע פערד.

געשיכטע ווינט.

ער ווייסט שוין,
אַקוראַט,
וואָס ס'איז אַרויס
פון אדמס האָוועץ
און וואָסער ריפּ
האָט תּל געמאַכט
די מאַמע חוהן.

ער בלאָזט זיך אָן
און וויל מיך ניט
אַריינלאָזן צו זיך —
דער ווינט.

פּינצטערט מוראדיק אַרום,
אין אַ פאַרשמאָלטן עיגול.
מיין אָפּגעכוימלטער
אַצינד.
איך ווער אַליין,
ביזן סאַמע גרונט,
צעווינטלט.

ערגעץ, דאַכט זיך,
רייסט זיך דורך
דעם כביכולס פּנים
אַן אָנגעכתיבה'טס,
אַריינגעפּרעסט אין פּאַרמעט
און סודותדיק
געפּינטלט.

איך קען מיך ניט
דערהייבן
מער אַהין,
פון אדמדיקן
הינערפלעט,
ווייל איך רעד אַ לשון
וואָס קיינער קען עס מער
ניט הערן
און איך קען אַליין
דערמיט
זיך באַלד שוין ניט
פאַרשטיין.

## פּאַר מײַנע אויגן

פּאַר מײַנע אויגן
קערן געשלאָגענע זעלנער
זיך אום
פון אַלע פאַרשפּילטע
מלחמות.

הענגט אויפן קאָפּ זײַ
אַ שוואַרציאַריקע זון
אָפּגעדאַרט
ווי אַ רויז
אין אַ קאַלטן
סוף־תּמוז.

צעעפנט אַ נביא
זײַן מויל,
ווי אַ לייב,
אין מיטן געמאַרק —
נאָר
ער שטומט.
קען אַ נביא דען שטראָפן
ווען טויט איז
די שטאָט ?

אין אָפּגעברענטן הימל
גרוילט
האַלב־חרוב
אַ פּחד־ים בלײַבער
גאָט.

## נאַראָנים זײַנען טרויעריק

מײַן טרויער לעקט מיך, ווי אַ הונט, אַרום.
ער האָט זיך אָנגעטאָן
אַ האַלבע שטאָט אויף זיך

און מיטגעבראַכט אַ היימיש־גרינע שיין.
ער איז אין פייער מיטאַמאָל אַריין
און מיטגעשלעפּט אַ רויכערדיקן ווינט
און אויגן שטאַרע
פון אַ דערוואָרגן קינד.

דו ביסט געוואָרן אַלט,
מיין טרויער.
דו טראָגסט אַרום אַ נאַכט אַן אויסגעמאָלקענע
מיט בלויע באַקן —
חלומות, ווי סאָלדאַטן, פאָלגן נאָך
מיט תליות
אויפן נאַקן.
עס שלעפּן זיך צו זיי
קוים צו
פאַרגעסענע נאַראַנים.

חכמים שווימען פון זיי ווייט אַוועק
און האַלטן אין פאַרברענען
האַלבע וועלט,
נאָר, דאַכט זיך, אַז עס ווייעט־אָן פון זיי
אַ שטינקענדיקע קעלט.

מיין האַנט גלעט אומבאַהאָלפן,
ווי אויף אַ באָוועגע,
דאָס אייגענע האַלב־אָפּגעווּעלקטע
פּנים.

וואָס פראַלן האַריזאָנטן אויף די
טויערן,
פאַר וועמען מאַכט מען עס אַ וואַרע?
עס קומען דאָך, אויף אַלע פיר,
צוקריכן
אָט־אַהער
צוריק
בלויז טרויעריקע נאַראָנים.

## האָב איך געקענט?

האָב איך געקענט פאַרשטיין
דאָס שמעלער ווערן
פון מיין טאַטנס גרויע אויגן
ווען חרוב איז געוואָרן
חרוב
אים זיין וועלט?
ער האָט קיין וואָרט
זיך ניט פאַרגונען
קלאָר
אַרויסצוזאָגן —
בלויז זייטיק, אין די ווייסלעכער,
אָן אַ פאַרוואָס
עס האָבן זיינע רויטע אָדערלעך
גענומען
בלוטיק־צוקן.

נאָר איינמאָל האָבן אַלע זיינע
זיבן הויטן
קאַלט אַ דראָזש געטאָן
ווי ביי אַן אַלטן־בוים
און פונקען זיינען
פון די אויגן
ווילד אַרויסגעפלויגן,
ווען וואַקסן האָט ער מיך
דערזען
גאָר וואַקסן
משונהדיק,
צולהכעיס,
אין דער קרום.

די בליקן אונדזערע
זיך האָבן ערגעצווו
צונויפגעטראָפן
און אָפּגעשפּרונגען באַלד
אין ווינטיקן אַרום.

דער דאַך פון אונדזער היים
איז ווייט מיט אים
אַוועקגעפלויגן
און וואָלקן זיך געטראָגן,
וואָלקן
אָן אַ שיעור.

וואָס האָט ער אין מיר
דענצמאָל
אָנגעווירן,
וואָס ער האָט ניט אָנגעווירן
קיינמאָל
פריער?

# פ אַ ר ט אָ ג ן

נאָגן
פאַרטאָגן —
איך האָב זיי ניט מער
וואָס צו זאָגן.

פון ספר
אַ שורה
מאַכט שטום אַ געוואַלט:
— סטייטש, והיה באחרית...
קוקט שטעכיק דאָס אויג
און פאַרזשמורעט זיך קאַלט:
— סאַראַ שייכות
צום קויטיקן שחרית?

גלאָצט, בייזלעך, מיין אַלטער
צעקנייטשטער פּאָרטרעט
אַרויס פון זיין ראַם
און ער שפּעט:
— אַ שניי און אַ ווינט
און אַ קוימען,
וואָס האָסטו דען נאָך
אין די רוימען?
(דאָס בילד האָט פאַרריכט
מיר
אַ מאָלער,
נאָר, אסור,
צי עס איז
עפּעס
קלאָרער.)

נעמען זיך אונטער
פאַרטאָגן
דאָס בילד צו מיין ליד
אָפּצוטראָגן.

לאָז איך וואָיוועז
מיין ליד
ווי עס וויל
און עס דרייט זיך
אין ווילדן
קאַדריל.

## ב י י נ אַ כ ט

שרייט אַ קינד מיר פון מיין מויל אַרויס,
שרייט אַרויס אַ קינד:
— איך בין דיין חלום
הויל און בלויז,
ווי איז מיר און ווינד!

שרייט אין מיר אַ בת קול אויס,
שרייט א בת קול,
גאָט:
— איידער כ׳נעם דיך
אין מיין רו אַריין,
זיי אַלץ נע ונד —

חצות.
שרייט די נאַכט צו מיר אַריין,
שרייט אַריין די נאַכט:
— האָב איך עפּעס נאָך
פון דיר —
און ניט אָפּגעבראַכט?

# דער פֿאַלשער קוש

תרוב ווײַנען וועגט אין מיר איצט —
נאָר מײַן מויל איז אַלץ צעזונגען
און דער טאָג פֿרעגט מיך פֿאַרחידושט:
— וואָס איז פֿון דער נאַכט געדרונגען?
וואַקסט אַ גאָט אַרײַן אין מענטשן
אים צו לעסטערן, צי בענטשן?

אין מײַן הײם,
אויף וויסטע סטעפּעס,
הענגט אַ קרוציפֿיקס בײַם ברונעם,
זײַנען פֿײגל פּיקן אויגן
אויב מען איז שוין טויט, אַ פּנים.
בלויז אַ שיכּור אין דער בלאָטע
שעלט דעם קרײַץ אין טאַטנס טאַטע.

ברענגט מײַן חלום צו אַ העמדל,
לאָזט עס בענקען אויף אַ וויגל
און די זון טוט דאָרט באַגילדן
דעם משיחס אַלטע פֿליגל.

האָב איך צײַט דערווײַל צו לײענען
אַ טרייף־פּסול
מדרש פּליאה,
וווּ גאָטס זון איז מיר מודיע
אַז מען וועט אים באַלד פֿאַרראַטן
און פֿאַרחלשט טוט ער תּפֿילה
צו זײַן אײבערשטן,
זײַן טאַטן
און פֿאַרמסרט די תּלמידים
מיט אַ קלויסטערלעכער
מינע.

נאַר וואָס לייען איך,
גאָט
אין הימל,
און וואָס זע
איך:
ס'איז געקרייציקט
גאַר
יהודה
וואָס מען רופט
איס־קאַ־רי־אָט.
בין איך ניט אין מיטן־דרינען?
לייען איך
צריק,
פון אָנהייב־אָן:
— ווער־זשע האָט עס
טאַקע
ווען
יענעם פאַלשן קוש
געטאָן?

## ק י נ ס ל י ד

איך האָב קיין העמד ניט אויף מיין לייב.
געבוירן פון אַ מאַמען בין איך נאַקעט.
אין אַלע מיינע שרעקן פלאָנטערט זיך אַ ווייב
און די מרשעת קראַקעט.

טויטע שטאַרבן אין מיר ווידער, טאָג ווי נאַכט,
איז וויפל מאָל קען איך זיי טייטן דורך דער צייט?
דער אייבערשטער אַליין באַהאַלט זיך ערגעץ אויס
און פאָלגט מיר נאָך פון לינקער זייט.

איך בין אַ האָריקער בן־אדם, פעך און שוועבל,
מיין פנים פול מיט קלייען.
— — — — — — — — — — — —
אוודאי וואָלט געקענט איך זיין אַ שטאָלטנע הבל,
ווען גאָט וואָלט ניט דערזען אין מיר אַ קין.

## דער זקן

בערג פֿאַלן פֿון אַמאָלעדיקע
בערג
אַראָפּ צו מיר
און טאָלן הייבן זיך
דערשראָקן.
פֿון כמאַרעס אָנגעקוואָלענע
עס קוקט אַרויס
אַ זקן.
ער טוט אַ ריר דאָס פּירחהענגל
אין הימלווייט
און צוימט די פֿייער־פֿערד
אין די רקיעים.
דער ים לויפֿט פֿון אַ תהום
צו אים אַרויס
און כוואַליעס
שעפּטשן
לעקנדיק
די קני
אים.
שטיל.
דער ווינט האַלט־איין
דעם אָטעם
צווישן גראָזן.
די זון,
איר רויטער קנויל
שוין אָפּגעקילט,
שלעפּערט איין אַ שטראַל
צווישן האָזן.
נאַכט.
אַ חלום זוכט אַרום
דעם זקן.
פֿאַרלוירענע עס טוליען בערג
זיך צו צו מיר
און טאָלן הייבן זיך
דערשראָקן.

## נ ב י א

לויף אַרויס פון מיר
נביא,
אַנטלויף
אַ פולן תחום־שבת.
די גאַסן אָטעמען
גרויל.
אין פינצטערע ליקלעך
געצילט אויף אַ יעדן
האַלט שטייף אונדזער
האַנט
אַ פּיסטויל.
רייסט זיך אַריין
פון דעם מאַרק
אַ רעקלאַמע
און עסט מיר שיר אויף
אַ שטיק אויג.
לענג־אויס די שאָסייען
עס פירן מלחמה
די זינדלעך פון גוג
ומגוג.
פאַלן טויט שאָטנס
אין מענטשן געווימל
ווען שוואַרץ בעמט
אַרויסשטויסן
ווייס.
דער ווינט, אין געבייזער,
טוט ערגעץ אין הימל
דאָס העמד פון דער נאַכט
אַ צערייס.
לויף אַרויס פון מיר
נביא,
אַוועק אַ תחום־שבת,
לאָז מיך באַוויינען
דעם בראָך פון די קינדער
מיט אַלטע, פאַראָבלטע
מאַמעס.

# אַלע דיינע טויערן

אַלע דיינע טויערן האָבן זיך אין מיר צעעפֿנט ברייט —
בלויז איינער איז נאָך אַלץ פֿאַרשלאָסן.
פֿון אַלע דיינע בעכער האָב איך שוין פֿאַרזוכט
דעם יין־המשומר טעם.
נאָר איינער איז ניט אָנגעגאָסן.

אַלע גלותן האָבן זיך דאָ איינגעהיימישט
טיף אין מיר
מיט דיינע אַלטע גאַסן —
אַפֿילו ווען איך שפּיל מיך אַלץ אַרום
מיט בלומיקע־קאָלירן
פֿאַרשלעפּט פֿון פֿרעמדע מאָן־פֿאַרנאַסן.

ירושלים, שטאָט פֿון שלום,
אין דיינע שערים
האָט זיך אויסגעכשרט מיר
מיין חלום.

האַלט איך אין מיין האַנט
גאָר לאַנג
דעם לעצטן בעכער —
ער איז נאָך אַלץ ניט אָנגעגאָסן.

וואָס ציטערן אַזויפֿיל דורות טיף אין אים ?
האָט עס מיין ליד
דעם סוד
אין מיר
פֿאַרשלאָסן?

# תפילה למרדכי

תפילה למרדכי:
(אַ לייבנברום פון אַלע כלים)
קראַנק איז אַ ייד אין מיר,
הייל אויס אים שדי,
שדי,
הייל אים!

אַ ברעקלעניש האָט היינט צעברעקלט מיך
און כלל־ישראל.
גויים זיינען אין מיין האַרץ אַריין
על דעת־הקהל.

מיין תפילה קען קיין תפילה
מער ניט זיין —
אויך ניט די כלים.
געצן האָבן אויפגעלעבט
אין מיינע נעכט
און זינדיקן עס זינדיקט זיך
מיט
די
בני־אלים.

תפילה למרדכי:
אַ קראַנקע תפילה פון אַ לעצטן נאַר —
דער קאָפּ אין שטויב
לאַנג
איינגעהילט,
הערט אויס מיין גזר.

# וו י פ ל  מ אַ ל פ ע ס

איז וויפל מאַלפּעס טראָג אַרום איך
אויף מיין רוקן ?
די אויגן מיינע קענען גאָרניט זען — נאָר קוקן.
צי וועל איך ראַטעווען מיך
היינט
פון יאָגנדיקער
צייט ?

אַ שטראָם אַ גאָלדענער,
טיף אין מיין בלוט,
מישט אויס דאָס גליק
מיט ווייטיקן פון ליבע.

האָט עמעצער שוין איינמאָל מיר געזאָגט :
כי טוב,
אַז דאָס איז גוט —
צי ווער איך אין אַ קעסלגרוב אַרומגעשליידערט
אָן אַ סיבה ?

איך טראָג אום מאַלפּעס
פון אוראַלטער ערד
אויף זיך און אויף מיין אויסגעקרומטן
רוקן
און דו, באַשעפער, גייסט ניט מיט שוין מער
מיט מיר
אין שווינדלענדיקער ווייט.
די אויגן דיינע ווילן דאָך
אויף מיר ניט קוקן.
איז וואָס־זשע האָסטו
אויסגעפורעמט
מיך
גאָר אָט־אַזוי,
מיין האַר,
אַ מאַלפּע מיט אַ מענטשלעכן גענאַר ?

# אויף דער וואָג

אַ יעדן טאָג ווער איך געהאַלטן
אויף אַ וואָג
און קום אַרונטער
אָפּגעוווּיגן.
עס טוט אַ צי מיך
שטאַרק
צו זיך
די ערד —
גיי איך דערפאַר
האַלב
איינגעבויגן.

אַ יעדן טאָג פאַרליר איך
פון מיין מויל
אַ וואָרט
און זוך אַרום עס
כסדר.
איך קען ניט זוכן עס
צופוס —
פירט מיך די וועלט אַרום
אויף רעדער.

טו איך סוף סוף
געפינען
ערגעצוו מיין וואָרט
איז עס פאַרשלאָסן טיף אין זיך
און גלייביק

און בענקען בענקט עס טרויעריק
אַזוי
ווי מאַנגער וואָלט געבענקט
און לייזויק.

# איך בין אַלץ נאָך ניט פאַרטיק

איך בין אַלץ נאָך ניט פאַרטיק
מיטן מדבר אין מיר
און אוראַלטע חיות
וואָס רעווען —
און ווייס איך דען
צי
מיטן קיניג
אַמאָל
ניט געזינדיקט האָב איך
מיט
בת־שבען ?
איך בין נאָך ניט פאַרטיק
צו האָבן אַ האָר
וואָס מעסט מיינע טעג
און וועגט אָפּ שטרענג
מיין שכר
ווען איך גיי,
ווען איך לויף
צי אַראָפּ
צי אַרויף
און האָט וואַקס איך צוריק
אַ פאַרעלטערטער ייד
און בין גלייך ווי אַ בוים
מיט פאַרוויאַנעטן צווייט.
וואָס לויפן די בערג
ווי פאַרשיכורט
אויף מיר ?
ווער טוט מיך אין מיטן
פון שלאָף
שטיל אַ ריר
און איך הער ווייטע שטערן
וואָס בלאָנקען אין שלאָף
און זיי ווערן דערטראָנקען
אין בלויקייט
סוף־סוף,

נאָר לויפן עס לויפט נאָך
זייער מאָנענדיק קול:
ישראל,
וואָס האָסטו פון אַלע געלויפן
אַהער?
וואָס האָסטו פון לעבן?
וואָס האָסטו פון טויט?
ברויט?
זעסט דיין פאַרפלעקטן מאַרשרוט?
אַ ים פול מיט בלוט.
נאָס איז דער וועג.
ציל,
אַזויפיל דערטרונקענע טעג.
כאַפּסטו דיין אייגן
פאַראומגליקלעכט קול?
עס שרייט דורך דיין קעל:
שמע ישראל!

## געהאַט אין זינען?

אויף אונדזערע פינצטערע וועגן
וואַשט אָפּ די זאַמדן דער רעגן
מיט בלוטיקע טרערן.

אויף אונדזערע וויסטענע וועגן
אַ טויטער איז ער דאָ געלעגן,
דער בחור, דער גאָלדענער שטערן.

אויף אונדזערע נאַקעטע וועגן
געקומען די מוטער אַנטקעגן —
זי וויל אירע זין איצט געפינען.

אויף אונדזערע גליטשיקע וועגן
מעג מען דיך, גאָטעניו, פרעגן:
האָסטו געהאַט זי אין זינען?

## אַ שייכות מיט אין-סופן?

האָב איך אַ שייכות מיט אין־סופן?
אַ שמייכל
האָט,
אויף בלאָנדזשענדיקע־וועגן,
מיך,
ווי מיט אַ בליץ
געטראָפן.

דער שמייכל איז דערנאָך
אַ יונגיטשקער אַוועק,
אויף ווייסינקע חלומות,
צו פרעמדע,
פליענדיקע יאָרן.

איך האָב זיי מערער
קיינמאָל ניט געזען.
איך בין פון דעמאָלט
אַלץ
געווען —
נאָר שמייכלען האָבן
מיך
שוין ניט געטראָפן.

איך האָב אַ חשד
אַז ערגעצווו מיט מיר,
אַ ניט פאַראַנען קינד,
זיי זיינען אויך אַוועק
צו ניט פאַראַנענע
אין־סופן.

# מיין לעבן איז אין דיר

מיין לעבן איז אין דיר.
גיי מיטן פּנים צו דער פרייד.
מיר האָבן גרויע אומעטן
דעם קאָפּ
פאַרדרייט.

די זון האָט ווי אַ רויטע שפּין
פאַר מיינע אויגן זיך געטראָגן.
אַ קראָ האָט פונעם מויל
געקראַקעט —
ווער האָט זי דען געהערט?
איצט האָב איך אַזוי מורא
פאַר דער מאָנענדיקער
ערד.

גיי מיטן פּנים צו דער פרייד.

ווינטן וועלן ברענגען דיר
אַ בלומען־קלייד.

פרישן וועלן ביימער אויף דיין וועג
אין שויס פון טעג.

קרעטשמעס שיכורע
אַנטלויפן אין געיעג.

טו זיך, אַקאָרשט,
אַ דערפרעג:
— ער איז דאָך
צווישן אייך
אַמאָל געווען,
וואָסער אויג
האָט אים
דערזען?

# אַ פּאָרטרעט

שעמעוודיקע ווייסקייט טוליעט זיך
צו אַ פאַרבענקטן בעט.
אַ פרוי,
געזונקען צווישן קליינע יאַשיקלעך
און גרויען יאוש,
ווערט אומגעריכט באַלויכטן,
אויף אַ וויל,
דורך אַ געשענקטן שמייכל:
פאַרבייגעלאָפן איז אָט־ערשט
איר קינד.

אַ האַנט
(פון וועמען אויסגעשטרעקט ?)
פּרוווט אומבאַהאַלפן
אַ כאַפּ־טאָן
דעם קורצן עק
פון וואָגלדיקן גאַסנווינט.

קאַלט שפּרייט זיך אויס דער אָפּשיין
פון אַ קאַלעמוטנער שקיעה
און מערן זיך די אייגלעך אויף דער
וואַנט,
וואָס זוכן לאַנג אַרום
אויף די קויטיקע טאַפּעטן
אַ ווילדע מציאה.

אין בלינדן ווינקל
(סתם אַ מיראַזש ?)
ווערט יינגער מיט אַ מאָל
דאָס פּנים,
דאָס אייערנעכטיקע,
פונעם שכורן פּאָעט.

אַ ניט פאַרענדיקטער פּאָרטרעט.

## פייערדיקע־שפּינען

ווינטן און ווינטן און בליצן,
ווער וויל אין וואָלקן
אײַנקריצן
מיט היעראָגליפן
מײַן אומעט ?

זיצט מײַן פרוי אין אַ ווינקל
פאַרדומעט —
עס וואַקסט איבער איר
מיט אַ ציטער
אַ געטלעך
געוויטער.

שאָקלט די ערד
בײַן
אַ שטורעם —
וואָס וועט ער געווינען ?
פייערדיקע שפּינען ?

# נחש הקדמוני

בייסט דער נחש אין זאַמד זיך אַריין,
אויף זיין צונג איז דער טעם פון גן־עדן
און ערגעץ ביים בלוילעכן־ברעג
שפּיגלען אין וואַסער זיך
מיידן.

ציטערט זייער נאַקעטע הויט,
(אַ נחש האָט אויכעט אַ תאווה)
אָרט אים פאַר וואָס אַזאַ טעות
געמאַכט האָט ער איינמאָל מיט חוהן.

איצט איז ער אַ שלאַנג אין דעם זאַמד,
דער טאָג איז ווייט פון גן־עדן
און וויפל שלענג, שלענג ווי ער,
כאַוּוען די נאַקעטע מיידן?

# ווער ווייסט?

וואָס איז דיין לעבן
היינט,
אַ שטייגער,
ווערט?

אַ ווינט אין פעלד?
אַ לייטער
אין דעם הימל?
אַ לאַפּעטע
מיט ערד?

איז דיר אַ חילוק
וואָס עס איז
באַשערט?

ביסטו אַ מענטש
מיט שייכותן
צו קאָסמישע
פּלאַנעטן?

וועט אין דיין אומעט
דיך
אַ ווייטער שטערן
גלעטן?

און אַז ער וועט —
איז וואָס?
ווּעסטו אַרומגייען
אין דיין
שטוב
געטרייסט?

וואָס איז, סך הכל,
היינט דיין לעבן
ווערט?

ווער ווייסט?

# גיי איך אַרום

גיי איך אַרום
אין חרובע טעמפּלען,
אַ חרובער
אַלטער מין מענטש,
אפשר
שעלט איך
אַפילו
אָט דאָס וואָס איך מיין
אַז
איך בענטש.

די זון ?
ערגעץ אין הימל
האָט עפּעס,
וואָס בריט
און וואָס בראָט,
זיך געפונען.

פּלאַנעטן ?
געווען מן־הסתם
בלויז אַטאָמען,
נאָר וואָס קומט מיר אַרויס
פון מסתמאָן ?

אדם ?
געווען גאָר אַ ים־פיש,
אַ מילבּ,
אַ פּירפּיסיקער
אַראַנגוטאַן ?
איז ער שפּעטער
אין מיר
טיף אַריין ?

גיי איך אַרום
אויף די חורבות
פון וועלטן,
אַ חרובער,
האַלבער מין מענטש.

ווייס איך צי איך האָב
פאַרלוירן
אַט דאָס וואָס איך שעלט —
צי איך בענטש ?

## אַ פאַרשפּילטער גן-עדן

בלויז פייגל וועלן אויף טשיקאַוועס
אַן אָפּרו זוכן אויף דער ערד
און אַן אַנטלויף פון מענטשן,
מענטשן אין די הימלען.

אַ בוים וועט קרעכצן איבער זיי
און שפּרייטן צו די רוימען
זיינע נעגל
און וויינען ביטער וועט אַ הונט,
די צונג אין בענקעניש אַרויסגעשטעקט,
בשעתן דרימלען.

העט־העט,
באַקרוינט פון מיליאָסן־שטערן,
דער מענטש וועט דאָס געוויין
פון ערד
דורך זיינע אָדערן
דערהערן
און שטוינען מיט פאַרדרוס :
— ווען האָב איך עס אַ מויל געהאַט,
אַ מויל מיט ווערטער,
פריי פאַר יעדן
און חלומען ווען האָב איך עס
געקענט
אַזוי ערדערן און בלוי
פון אַ פאַרלוירענעם
גן־עדן ?

## די אומגעבראַכטע וועלט

אין די צעפּראַלטע סאַליעס
פון היגן
עולם־הבא
האָט מען שוין אָפּגעלעקט
ד לעצטע ביינער
פונעם פעטן
שור־הבר
און אויסגעזויפט
ביז צו דעם דנאָ
די זיסע־טראָפּן
פונעם יין־המשומר.

ניטאָ קיין ווינטער מער
און אויכעט ניט
קיין זומער.

דורך טיפע ריסן
אין געוועב פון וועלט
עס טראָגט אַדורך זיך
איצט די מורא:
— און ווייטער וואָס?

ווינטן פוילן זיך דערזוייל צו שטאַרבן.
דער שופר ווייסט באַך ניט צי דאַרף ער
טאָן אַ בלאָז.

אין זייערע עולמות וויל קיינער
גאָר ניט וויסן
אַז ס'האָט זיך אויסגעלאָזט
דער לעצטער ביסן.

ניטאָ-איז וואָס ?
פאַר ווּעמען דאַרף מען זאָרגן ?
יינגלעך זיינען סיי ווי היינט
קיין יינגלעך גאָר ניט
מער
און מיידלעך האָבן ניט קיין מאָרגן.

אָ האַלב צעקראַכענע מחשבה
האָט מורא
עפּעס־וואָס צו טאָן
אָ טראַכט :
— האָסטו געהערט,
ניט דאָ געדאַכט,
האָב איך דעם גאַנצן עולם הבא
אומגעבראַכט ?

## אַ שטערנדל

ליגט אָ שטערנדל אין טעלערל פון הימל —
שפּילט זיך מיט אים
גאָט.
איך האָב אויך אַזאַ מין שטערן
אין מיין טעלערל
געהאַט.

שאָקלען אַלטע טעג פאַרחידושט
זייערע גרויע בערד,
יאָגן נאָך אָ שאָטן
אויפן קיילעך פון דער
ערד :

— ברודער אויף די וועגן
קענסטו אונדז דערקלערן
ווי האָט געקענט דער שטערן
אַזוי פאַרעלטערט
ווערן ?

# אַרויפֿלייגן

זאָל איך אַלעס אַרויפֿלייגן,
בורא,
אויף דיר
און אויף מיר
און די ערד,
און די ערד
איז ניט שולדיק
אונדז
גאָרניט ?

אָט גייען מיר בײדע
אַ ווײַסע אַריבער,
געטריבן פֿון ווינטן,
פֿון חיות,
פֿון קינס
און זײַנען פֿון קיינעם
אַ האָר
ניט באַוואָרנט.

איז טאַקע די ערד
אונדז ניט שולדיק
גאָר
גאָרניט ?

וואָס לאָזטו
קיין טרער ניט,
דו שופֿט פֿון שופֿטים,
איצט צו צו די אויגן —
מיר זײַנען דאָך בײדע
אַליין
און פֿאַרטריבן —
צי האָסטו
כאָטש ערגעץ
אָט דאָרטן,
העט־אויבן,
די אמתע הימלען
די זיבן ?

# אין שלאָף

די קישן שרייען אין מיין שלאָף
ווי פאַרמבולדיקע ברואים.
עס פייערט איינער פון אַ וואָלקן —
איך ווייס ניט וואָס איך טו אים.

עס שלעפּט מיך מיד מיין שאָטן
און שפּאַרט זיך אָן אויף מיר,
ביז אַלט — באַקאַנטע תהומען
קריכן פון די פיס אַפּיר.

איך הייב וווּ אָן צו זינקען,
שווים שפּעטער קוים אַרויס.
מיין שטאָן מעסט־אָן קרוינען
נאָר איך בלייב הויל און בלויז.

פאַרדריסט־עס שטאַרק מיין שאָטן
פאַרדריסט וואָס איך דערצייל עס:
הבל הבלים!
האָט דאָך געזאָגט קהלת.

## ביים כותל

בייסט דער רוסישער ייד
אַ סיבירישע קייט
מיט די ציין
און פאַרהאַלט אין זיין מויל
אַ פאַרביטערט געוויין.

ווער האָט פּלוצעם
צעטרייסלט
זיין גאַנצן רמ״ח?

נעמט ער זוכן
דערשראָקן
אַ וואָרט
אין תנ״ך,
ווען עס הענגען אויף אים
אַלע שערים
אַרום.

שטום
גייט ער שפּעטער אַוועק
און בלייבט גאַפן
גאָר לאַנג.
ערגעץ שלענגלט זיך גרוי
פון אַ קרבן דער רויך,
ערגעץ זילבערט אַ וואָלקן
און ווינקט
אין דער הייך
און פאַרשווינדט גיך מיט זיי
אויף זיין קריוודע צום
בורא.

ניין ער האָט מער ניט קיין מורא.

לייגט ער שטיל זיך אַוועק
ביים צופוסנס פון נאַכט
און בענטשט די לבנה
וואָס קריכט אין זיין שלאָף

און בענטשט, אויף די בערג,
אַ פאַרבלאָנדזשעטע
שאָף.

העט־ווייט פון זיין גוף
פינטלט אין הימל
אַ שטערן,
פינטלט מיט אייביקע אויגן:
— דאָס פינטעלע ערד
אָט אַ דאָרט, אָט אַ דאָ
איז אַ יש,
צי סתם
נישט געשטויגן־געפלויגן?

## צי דאַרף איך זיך ניט גרייטן?

מיט איין פוס שטעק איך פחדים טיף —
ווו שטעק איך מיטן צווייטן?
איך דאַרף זיך שוין ניט גרייטן מער —
איז דאַרף איך זיך ניט גרייטן?

עס גייט בלויז עמעצער אַדורך מיר דורך
און מאַכט־צו אַלע טירן —
צי וועט ער נאָר מיט שרעק אַליין
מיך ערגעצווו דערפירן?

פלוצעם טוט זיך אַלץ אַ דריי:
טירן — — טירן — — טירן — —
וועלן שטערן אין דעם הימל
כסדר אין מיר פרירן?

דער אין־סוף וואַרפט אַ שיין מיר צו
פון ריזן פייער־וואָגן.
די נאַכט נעמט שטיל די ערד אַרום
אין תהום אַראָפצוטראָגן.

מיט איין פוס בלייב איך שטעקן טיף,
ווו שטעק איך מיטן צווייטן?
איך דאַרף זיך מער ניט גרייטן שוין.
איז דאַרף איך זיך ניט גרייטן?

## משיחס צייטן

רחל און
יעקבן
דאַלינגער

די הימלען האָבן קוים געקענט
זיך אַנשפּאַרן אויף זיך אַליין —

סך הכל זיינען עס קיין הימלען
ניט געווען.
אַ בוים האָט זיך, אין ווינט,
באמת
פון זיך, העט־ווייט, אַוועקצוגיין.
עס זיינען דאַך געווען משיחס־צייטן.

בלויז קינדער האָבן ניט געוואָלט
זיך לאָזן בייטן.
צו וואָס ?
מיר ווילן זיין ווי מ׳איז ביי לייטן.

הינט האָבן אין די נעכט
ניט אויפגעהערט צו וואיען ;
הלמאי־דען זאָלן זיי ניט וואיען ?

עופעלעך,
בלויז הויט און ביין,
האָבן אָנגעשאַרפט סכנותדיק
די ציין :
— אַ נו, איז דאָ היינט וואָס צו בייסן ?

שטעט האָבן זיך, דערוויל,
מיט נייע שטעט
גענומען ראַנגלען
און שטיקער
איינגעשלונגען.

פּלאַנעטן פון דעם אין־סוף
האָבן זיך געטאָן אַ שיט
און פלוצעם
ווילד צעזונגען.

געוועזן עס זיינען,
ווי איר זעט,
משיחס־צייטן.

איז ווער־זשע האָט עס ביט
געוווסט
וואָס פאַר אַ ווינט פון ווינטן
בלאָזט?

ווער האָט געפרעגט:
וואָס שרעקט דער טאָג?
וואָס מעסט די מאָס,
וואָס וועגט די וואָג?

וואָס לאַכט די וועלט?
וואָס מאָנען ווייטן?
איז מיין שיגעון אַריין
אויך אין די משיחס־צייטן?

## גיי

גיי
וווהין דו זאָלסט ניט
גייַן,
נעם מיט
וואָס זאָלסט ניט מיטנעמען
מיט זיך.
פאַרשפּאָר מיר
דאָס געוויין
און זאָג:
— דייַן פאָלק איז מיר —
מייַן פאָלק.
דו וועסט פאַרגעסן עס
בײַם שפּראָץ
פון מאָרגנדיקן
טאָג.

גיי
וווהין עס זאָל ניט
פירן דיך
דייַן האָפּערדיקער וועג
און לאָז אַראָפּ
פון זיך
די גאַרבן
פון עבערדיקע
טעג.

דו ביסט ניט רות
און ביסט עס
קיינמאָל ניט געווען —
דאָך
איז זי פאַרט
אין יעדן ריר אין דיר
ווי נאָר
דו לאָזט זיך
גייַן.

# עשוס חוב

איך וויקל אויף,
גאָר ברייט,
די פּאָרמעטן פון חומש —
לאָז פריי אַרויס פון דאָרט
די בראשיתדיקע
טעג.

דער ערשטער טוט אַ שפרונג,
אַ ריזן שפרונג
דער רויט־געפלעקטער
עשו
און לויפט פאַרסאַפּעט
אויפן שלענגלדיקן
וועג.

ער נעמט זיך מיט
אַ טשערעדע פון יאָרן,
אַ ווילדן ערב־רב
פון קרובים האָריקע
געטובלטע אין בלוט
און נאַסן
ליים.

נו, וועט ער טאַקע אָניאָגן,
זיין ברודער אָניאָגן?
ער איז דאָך שוין אַריבער
באַלד אַ האַלבן מאַרק.
איז דען נאָך דאָ
פאַר אים אַן אָפּשטעל?
עס שוויצט מיט גאווה איצט
זיין פעטער קאַרק.

ער וועט גלייך קומען
און אַוועקלייגן אַ ים
מיט קריוודעס —
אַרויסרייסן מיט כּוח
אדומס
חוב.

סאַראַ סכום
וועט דאַרפן צאָלן
יעקב ?
ווי הויך איז איצט
דער פּרייז
אַרויף ?

איך וויקל גיך צונויף
די פּאַרמעטן
פון חומש,
לאָז נאָר אַריין צוריק
די בלאָנדזשענדיקע
טעג.

עס ציטערט פרעמד
אַ שאַרפע שיין
אין זייערע אויגן
און טוט אַ שנייד,
ווי מיט אַ חלף,
ביים סאַמע אומקער
פון
געיעג.

# הושענא

אַ טראַגעדיקע קיניגין,
גייט זי,
מיט רויט־מטורפדיקע אויגן,
איבער דער שמייכלענדיקער ערד.
סאַראַ משיח איז איר,
אין איר טראַכט, באַשערט ?

דער וואַקלדיקער אדם אירער
ברייטביינערדיק
און האַריק,
טרייסלט זיינע צעפּ
און פרזווט זיי אויפן נאַקן
שקאַצעריש פאַרקניפּן.
ער קוקט מיט וואַסערדיקע־אויגן
צו דער מלכּה זיינער
און רויטע ציטערן
פאַרשנורעווען די ליפּן.
ער גייט אין קאַלטער,
פאַלנדיקער־נאַכט
און דורות ווערן
פון זיין הילוך
אויסגעלאַכט.

פון קרומע ווינקלען, צעפּאַרעטע אָרומען
טראָגן לצים פולע שיסלען
האַשיש,
מאַריכואַנע.
ווינטן גלעטן זיך
ווי פרויען לעסבישע
ביז חשכות שלינגט זיי אַלע
אין איר מויל אַריין.
נאָר ווי אַ ווידערקול
עס בלאָנקעט ערגעצוו אַרום
אַן אומעטיקער וויי־געשריי:
הו־שע־נא !

# הענגען

ער האָט זיך אַ פאַרבלאָנדזשעטער
אויפן אחרית־הימימדיקן איזעלע,
סתם אַ כהרף־עין,
ביי אַ קלויסטער
אָפּגעשטעלט.

סאַראַ תהו־ובהו אין אַרום.
וווּ זעט מען כאָטש
אַ ייִדן
אין דער גוייִשדיקער וועלט?

ער האָט אַ ריר געטאָן
די אָפּגעגילטע־טויערן
און באַלד דערבליקט
אַ פּנים,
(דוכט זיך ייִדיש)
מיט אַ נעבעכדיקן קוק,
האַלב לײַדנדיק, האַלב מיד
און עפּעס ווי נישט גלייביק —

ווערט עס שוין אָפּפינצטערן
אָט־דאָ
אין וואַלקנס־ווײַרעכן
אויף אייביק?

איז ער פון דאָרט אַוועק,
די ערד בלויז שטום באַקוקט —
זי איז געליגן,
פונקט ווי סדום
נאָך יענער שריפה,
אין פינצטערניש פון קאָסמאָס
טיף פאַררוקט.

דער הימל בלייך, פאַרשעמט
און ער אַליין,
דער איצטיקער פאַרבלאָנדזשעטער
מבשר
איז אויך אַ ווייל געבליבן
ווי געליימט
און ציטערדיק געזאָגט:
— וואָס פאַר אַ גרוס
קען איך
היינט דיר,
באַשעפער,
פון דיין וועלטל
ברענגען?

גויים האָבן דאָרט
אַ קרענקלעכע הנאה גאָך
אין זייער חגא צוצוזען
ווי ס׳טוט
אַ ייד,
כסדר אַ פאַרבלוטיקטער,
הויך פאַר די אויגן,
אין אַלע קלויסטערס
הענגען.

# די משוגענע וואָר

אַ קינד פונעם פינצטערן דור
שטייט אויף,
פול מיט שרעק,
אין פאַרוויינטן־קאַיאָר
און באַקוקט לאַנג די פיס:
זיי זיינען געשטאַנען גאָר אָפּט
ביי דער טיר פונעם בראַנדיקן
אויוון
און זיינען איר איצט
די איינציקע, לייבלעכע קרובים.

שטעלט זי זיך אויף,
גאָר ניט זיכער,
אויף זיי
און קוקט אַרויס צו דער גאַס:
— וואָס שרייט דאָרט דער שניי?
וווהין לויפן די סטעזשקעס
אַוועק פונעם טאָג?

אויפן שמאָלינקען ראַג
ליגט די רויטע פאַבריק
און עס ציט זיך פון דאָרט
אַ צעצוויגעגנער שטריק.
וועט ער כאַפּן די זון
און פאַרברענען דעם סטעפּ
און דער וואַלד און דער באַרג
וועלן בייגן די קעפּ
און באַהאַלטן אַ שאָטן
און ער אָט דער שאָטן
מיט בייכיקע זעק
וועט פילן ביי זיך
אויפן אַקסל אַ פלעק:

איז דאָס בלוט פון אַ קינד —
סתם פון וואָלקן אַ זוים?
איז דאָס אפשר אַ מענטש
וואָס הענגט קרום אויף אַ בוים?

זיצט די וועלט נאָך אים שבעה?
וואָשן הימלען זיך פרום?
ווייסן עפּעס די קראָען
וואָס פליען אַרום?

ווערן בייז די מאַשינען
און שרייט די פאַבריק.
בינדן־צו זיך די מענטשן
צו שטאָלענע שטריק.

ווער קען וויסן פאַר וועמען,
ווער קען וויסן פאַר וואָס
הייבן־אָן פינקלען
די שטיקער
פון גלאָז?

לויפט דאָס קינד
דאָס געיאָגטע
פון בלוטיקן דור
און קנייט אירע הענט
און די פיס
גייך
אַריין
אין דער ווילדער מאַשין
פון משוגענער
וואָר.

## דער וואָלף

לאָמיר די אויגן פאַרמאַכן
אויף גיך
און לאָמיר איצט טרויעריק
שלאָפן.
דער וואָלף איז אַ בייזער
אַרויס פונעם ליד
און ערגעץ באַליידיקט
אַנטלאָפן.

ער האָט קיינמאָל, חלילה,
קיין שלעכטס ניט געטאָן
און אַוודאי קיין שאָף
ניט געביסן.

וואָס איז ער דען מער
ווי אַ וואָלף צווישן וועלף —
אַ וואָלף
מיט אַ ריינעם געוויסן?

און טאָמער איר זעט
טויטע ביינער אין פעלד
איז ניט שייך
אויף אים זיך צו קלאָגן,

ס'איז פריקרע
צו קריכן
ביי יענעם אין האַרץ,
זיך גריבלען
ביי יענעם אין מאָגן.

דער וואָלף איז אַ שטאָלצער
אַרויס פונעם ליד
און גלייך צו זיין נאַרע
אַנטלאָפן.

מיר וועלן ניט קענען
באַזינגען אים מער
און מוזן בלויז
טרויעריק
שלאָפן.

## פון אַ בריוו

...עס איז שוין לאַנג
קיין סוד ניט
מער
אַז אַ פּאָעט
קען אויכעט האָבן
בעלמעס
אויף די אויגן
און אין אַ לונג
אַן אייטערדיקע ווונד,
וואָס קיינער האָט ניט
אויסגעזויגן.

גראָד אין דער מיט
פון בלוילעכע פאַרטאָגן
קען ער זיך קאָרטשען
מיט אַ טעמפּן ווייטיק
אין זיין מאָגן,
צי סתם זיך ראַנגלען
אי אַהין אי צוריק
מיט ניט געדאַכטן,
דורותדיקן חלום
און הענגען בלייבן
אויף די לידער זיינע
פּונקט אַזוי
ווי אין פאַרצייטנס נאָך
געהאַנגען האָט,
אויף זיינע קוטשעראַווע האָר,
דער שטאָלצער
פּרינץ
אבשלום.

# אַ נאָכגייער

ער איז מיר נאָכגעגאַנגען,
פון אַלע עקן נאָכגעגאַנגען,
מיט אויגן גיריקע,
מיט הענט מיט גליטשיקע
און סלינענדיקן מויל —
אַ גרייטער אויסצוכאַפּן
וואָס איך וועל פאַרקוקן.

דור־דורות לאַנג
האָב איך געפילט זיין אָטעם
בריען
און פאַרשרפען מיר מיין רוקן.

אויף קיילעכדיקער ערד
איז ער מיר נאָכגעגאַנגען
עלעהיי ווי
שולדיק וואָלט איך שולדיק
אים געווען
אָט דאָס וואָס איך קען אויפטאָן,
הערן,
זען
און פאַר זיין טאָרבע
איז מיין האָב און גוטס
באַשערט.

איך האָב זיין בליק געפילט,
זיין באָרוועס גיין
געהערט
און אָפט פאַרגעסן ווער איך בין
און ווער איז ווער —
צי זיינעןביידע
מיר
ניט איינס
און אָט אזוי
איז ער ניט מער
דאָס כיטרע שייגעצל

און הינקענדיקער גוי
און אַלץ וואָס איך פאַרמאָג,
די לוחות שטיינערנע
און צען געבאָט
האָט מיר זיי גאָט
אין מיינע הענט אַריינגעגעבן
איך זאָל זיי טראָגן
לאַנג
און אים זיי איבערגעבן —
אויב איך וועל קענען
ביידע ראַטעווען
בנס
דאָס לעבן.

## וויפל גאָלד

וויפל גאָלד קען מיר נאָך אָפּשפּאָרן
מיין דמיון?
וויפל שמייכלען קען אַרויסלאָזן
מיין מויל?
וויפל שרעקן קען נאָך אויסמאָלן
דאָס אויג מיינס?
וויפל גרויל?

דערקענסט דאָס מיידעלע פון עלעף יאָר
מיט גאָלדן־ווינטל אין די צעפּ —
געדענקסט זי לויפן מיט אַ שמייכל
און אַרויף אויף אַלע טרעפּ?

האָסטו פאַרגעסן אירע ליפּן
און דעם סוד וואָס לאַכט אַרויס —
לאַכנדיק איז ער צוביסלעך
ווי די וועלט געוואָרן גרויס.

ביז פון אָט די אַלע יאָרן
איז דאָס גאָלד אַריין אין דיר —
וויפל שרעק פון יענע אויגן
האָט דאָס ליד אויפן פּאַפּיר?

# א י ו ב

בּאַרג מיר דײַן שערבל
און העלף מיר
צו קראַצן
די װוּנדן.
האָט זיך
עמעצער
דאָרט אינעם היכל
די הויטן
הײַנט
אױכעט
צעשונדן?
צו װעמען
זיך קלאָגן?
פֿול זענען
װעגן און ראָגן
מיט גופֿים צעשױבערטע,
קרעציקע בערד —
מענטש
װערט אַ קױטיקע חיה,
ער איז בלױז
מחלל
די ערד.
איוב,
האָסט מורא
דעם מענטש
צו פֿאַראַכטן?
לאָמיר
אױפֿהערן טראַכטן.
דערלאַנג מיר
דײַן שערבל
און העלף מיר
בײַם קראַצן
די װוּנדן.

עמעצער האָט אונדז דערפאַר
איינס צום צווייטן
געבונדן.

## איך האָב דיר געטראָפן

געטראָפן האָב איך דיך
אין סאַמע מיט פון אַ צעטראָגענער
אַלעע־ביימער —
צי אפשר בין גאָר איך
געווען צעטראָגן.

דער טאָג האָט קינדעריש
געציטערט
איבער דיר
און צווישן איין אויג און אַ
צווייטן
האָט זיך אַ שמייכלענדיקער
גאָט
געקריצט
מיט מיר.

איך האָב דיך אָנגענומען
ביי דער האַנט
און ס'איז אַרויס
אַ ים מיט פייער

און פון דער ערד האָט אָנגעהויבן
לויפן,
אונטער אונדז,
דער וועג
אַ שפּאָגל
נייער.

# בײַם ים

שטײט אַ ייִד בײַ דעם ברעג,
ער איז נאָך זײַן ים
ניט אַריבער.

שרעקן די אויגן
תּהומען.
עפּענען מײַלער
די גריבער.

פּרעה טרײַבט־אָן
די רײַטער.
מיצרים
גלעטן די פּערד.
נאָר ער שטײט נאָך,
אַ פּנים,
געבונדן צו מיצרישער ערד.

אַלע אַצינדן אַנטרינען —
בלויז זײער דערשרעק
הענגט נאָך דאָ.

שטײט ער, דער ייִד
און ער הערט:
ערגעצוווּ
שרײַען די פֿלאַמיקע ווינטן.
דער עולם
איז קולות וברקים.

נאָר ער,
כאַטש האַק אים און בראָק
אים,
איז נאָך זײַן ים
ניט אַריבער.

# אָן דיר

דער יוּן איז אַרויס אַ האָפּערדיקער
פון זיין שטייג —
ער איז אַהין גאַר קיינמאָל,
דאַכט זיך
גיט אַריין,
עס גייען, טאַנצנדיק,
אים נאָך
די לעמפּערטן, די שלענג,
דער פּיפּערנאָטער —
אַ כאַפּטע
אַ געטריי.

גאַר איך זוך ערגעצווו,
פול שרעק,
אַרום
אַ האַנט מיט נעגל:
צי בין איך דאָס
אַליין
די ווילדע
חיה?

עס רעוועט איבער מיר די ווייט,
שלינגט איין
מיין לעצטע תפילה.

אויב דו האָסט מיך
פאַרלאָזט
אַפילו —
געפין דאָך אינעם בלוט
אַן אָרט
ביי מיר

וואָס פאַר אַ פּנים
וועל איך האָבן
דען
אָן דיר?

## וואָס בין איך, וואָס?

דער אומעט פינצטערט אין מיר
ווי אַ ווינטער נאַכט
אָן־ליבע.
ווו פּרווּוט־מען אויסבאַהאַלטן
גאָט?
די זון האָט זיך מיט רעשטלעך
מענטשן־יאָר
פאַרלאָשן.
עלעקטריש ברענט דער גיהנום
אויף אַ דראָט.

וואָס בין איך, וואָס:
אַ בויכקריכער,
אַ צווייג,
אַ ווייב —
צי אדם פון אדמה־שטויב
מיט זיי אינאיינעם אין מיין
לייב?

אַ רגע בין איך נישטיק־קליין,
נאָר דורך מיין שאָטן וואַקס איך אויס
און קען אין זיך מער ניט אַריין
ווי איך קען פון זיך מער ניט אַרויס.

עס כאַפּט מיך אָן אַ הונגעריקער ספק.
אַלע הויטן ברענען אויף מיין גוף —
איך קען זיי גאָר ניט זעטיקן מיט תאווה
און ניט באַטויבן —
כאָטש איך פּרווו.

איך קען זיי ניט פאַרסמען מיט קיין
אָפּיום
צי העראָין —
עס טראָגט צו מיר זיך
ווילד די וועלט
און טראָגט אַרום זיך
אָן אַ זין.

עס שרייט אַ מידבר צו אַ מידבר.
מאַלע וואָס ער שרייט.
אַ לץ דרייט אויס צו זיך אַליין
אַ רויטן לעקער.
צעטראָטן וואַלגערט זיך אַרום
אַ ניט דערקענטער
אמת
און אַלע זיינע ווערטער
שלעפּט אַוועק דער
שקר.

## וואָס וועסטו טאָן?

וואָס וועסטו טאָן,
געוועלטיקער פון אַלע
וועלטן,
ווען דו וועסט דאַרפן
אונדז, למשל,
האָבן —
וועסטו ניט שעמען זיך
פון אַלע וויסטע קברים
אונדז
אַרויסצוגראָבן?

איך בין ניט גרעסער
פון אַ ווערעמל
אַ בלאָטיקס,
אַ ווערעמל
— עפר ואפר —

נאָר קען
אַן אַנדער וואָרעם
דען דערהערן דיך
אין אליהוס
בלאָזנדיקן
שופר?

## ווּ האָסטוּ...?

ווּ האָסטוּ, באַרעמהאַרציקער,
אַ שענק אַזאַ
איך זאָל דאָרט
אויסטרינקען
מיין כוס
פון
אומעט?

עס טראָגט מיך איבער פעלדער
אום
דיין באַן
און לויפט אַריין אין בלוט צו מיר
צעזשומעט.

אַ וועלט
אַ נעבעכדיקע
האָסטוּ זיך,
באַשאַפן
איין־אַליין.

פון ש״י פלאַנעטן
האָסטוּ ניט
קיין בעסער וועלטעלע
געקענט
אונדז
זען?

אַט פליט צו מיר
פון פליכעוואַטן
וועלדעלע
אַרויס
אַ בוים,
אַ טרוקן שטיק געהילץ

און ווערט פון שאָטנס
פינצטערע
געכאַפּט
און ערגעץ ווייט
פאַרטראָגן.

וואָס האָט אַ בוים,
אין וויסטן עלנט,
מיר עפּעס־וואָס
אַצינד
צו זאָגן?

אַ טייך לויפט אַ פאַרסאַפּעטער
אים נאָך
און קריכט אויף רויער ערד
אַרויף
מיט גרינעם שימל־שמייכל
און געמויזעכץ.
באַלד שטעלט זיי אָפּ אַ באַרג,
אַ בלינדער שטיין
און קרומע, בענקענדיקע
סלופּעס.
ספּאַלאָשעט טרעטן פערד
אין אייגענעם גנאַי
און קי
אין פויגלקויט
און שטינקענדיקע קופּעס.

העט ערגעץ ווייט גייט זיך
אַ מענטש
און גייט.
אַזוי געגאַנגען איז,

אַוודאי,
איינמאָל
קין
און לויפן לויפט אים נאָך
זיין ווייב —
זי טראָגט צוויי עופּעלעך
אויף בײדע הענט
און בייגט זיך איין,
פאַר אים,
אין דרייען.

דוו האָסטו, אייבערשטער,
אַ שענק אַזאַ
איך זאָל דערטרענקען דאָרט
מיין אומעט
און זאָלסט מיך לאָזן
שיכּור לוט
פאַרבלייבן
אַט־אַזוי
אויף תּמיד.

## זיך דערקענען

איך האָב אַ ליד — נאָר פעלן פעלט אים אויס מיין גלויבן.
איך האָב אַ גלויבן-נאָר עס איז אים ענג אין ליד.
איך זע די ווערטער — פאַלשע שפּיגלען
מיט אַ פּנים פון אַ היפּאָקריט.

איך ווייס: מ׳טאָר זיך ניט באַקלאָגן.
מ׳דאַרף שרייען בלויז אַז איזן איז מסוכן־גוט.
נאָר ווי איך זאָל ניט פּרוון, שמייכלענדיק, דאָס זאָגן,
שפּרינגט דער יאוש באַלד אַרויס פון בלוט.

איז מייד־זשע, פרעמדער, אויס די טויערן פון מיין ליד,
קיין אומגליק זאָל דיך דאָרטן ניט פאַרברענען.
נאָר אויב דו האָסט שוין אויך אַ ווונד אין דיין געמיט —
וועלן מיר זיך אפשר נאָך אַמאָל דערקענען.

## דער שטראַלנדיקער טלית

דו האָסט מיר אָנגעטאָן אַ טלית,
פון קינדווייז־אָן אַן אַנדער טלית
גאָט.
איך קען ניט זאָגן
אַז ער האָט
דאָס גליק
מיר שיינענדיק
אַריינגעבראַכט —
צי אפשר כאָטש
אַ קליין שפּאַרונקעלע
געעפנט
צו דיין
גנאָד.
איך קען ניט זאָגן
און איך וויל ניט,
גאָט.

דו האָסט מיר אָנגעטאָן אַן אַנדער
טלית
און די אויגן שאַרף מיר אויסגעדרייט
צו אים
און אויסגעלערנט
קוקן.

אַ וועלט האָט זיך דערוויל
אַרויפגעכאַפּט אויף מיר
און פריציש־הפקרדיק
געריטן אויף מיין
רוקן.

דו האָסט אַ לאַנד
מיר אויסגעשפּרייט
אין מזרחדיקן־זונשיין,
אַ לאַנד פון פּימסנהאָלץ
און רויע פייגן

און האָסט מיין וועג אַהין פאַרשלעפּט
מיט שנירלעך בלוט און וויטיקן
און מיר געהייסן
שווייגן.

נאָר איינמאָל האָב איך דיך דערזען
און אַ פאַרחלשטער געהערט
מיין מויל
הויך זינגען:
שיר המעלות.

דו האָסט דאָך זיך אַליין אויך
איינגעהילט
אין אור־הגנוז ליכט
און האָסט אַרויסגעשטראַלט
פון זעלבן
טלית.

# פון מיין וואָגן.

צעברעקלטע שטערן, אַ שניי ווייסע שטאָט.
ערגעץ אין ים אַ פאַרשפּעטיקטער פלאָט,

שטומע קוואַרטאַלן, אַ גיהנם געבוי,
געהויקערטע הייזער: גרוי־בלינד און בלינד־גרוי.

איך האָב דיך געפונען איצט שטאָט אָט־אַזוי
און איך ווייס ניט פאַרוואָס און איך ווייס ניט גענוי

ווי האָבן עס גאַסן און שמאָלינקע ראָגן
גענומען אַנטלויפן פון מיר און מיין וואָגן

און שוואַרצע, פאַרשלאָסענע טרונעס אויף גיך
געאיילט זיך אַקעגן דעם טויט. און אַן שיך

שפּאַצירט האָט אַ זונה און שיכור געלאַכט
וואָס זי איז אַליין, נאָר זי און די נאַכט

געבליבן אָט דאָ אין אַ פינצטערער ליק
איז ווער וועט דען זוכן איר שמייכל, איר בליק?

איז געגאַן אַ לוט־שיכורע זונה, געלאַכט —
דער ווינט האָט מיט איר בלויז אַ רגע פאַרבראַכט

און געזוכט זי אין נעפּל, אין ים און אין שטאָט
און געקושט אַ לאַמטערן וואָס ווינט אויף אַ דראָט

איך האָב דיך אויך איצט גאָר פלוצעם אַזוי,
איך ווייס ניט פאַרוואָס און איך ווייס ניט גענוי

געזוכט און געפונען מיין שטאָט און מיין ווינט.
איך ברענג איך מיין פנים, אַ שאַלטיק, אַ קינד.

פאַר אַריין אין מיר עלנט, שניי־ווייסע שטאָט.
איך האָב פאַרקאַטשעט אין דיר פון מיין וואָגן אַ ראָד.

## ביי דער שוועל פון ליבע

מיר זיצן ביידע ביי דער שוועל
פון אונדזער ליבע
און קוקן
ווי עס שטאַרבט
אַ וועלט
מיט זאַכן.

עס ענדיקט זיך דער טאָג
און גייט־אויס באַלד
די נאַכט
און טראָגט אַוועק זיך
אַ מיראַזש,
כאָטש ציטערן ער ציטערט נאָך
אַ ווייל
אין שוואַרצאַפּל פון אויג
ווי אין אַ שפּיגל.

ווער הייבט די האָריזאָנטן אויף
און טראָגט זיי, אומברחמנותדיק,
צו די מרחקימדיקע
שטערן ?

ווייסט עפּעס־וואָס דערפון
אַ פלאַטערל אַ זינדיקס ?
עס שטאַרבט אין שפּינגעוועב
מיט גוססדיקע פליגל.
דער ווייטיק טוט נאָר
אונדז
אַ שטאָך גאָר טיף

און ערגערט מער
ווי אַלע שיינען די פאַרלוירענע
אין פרעמדע
עולמות.

מיר זיצן אויף דער שוועל
פון אונדזער ליבע
און גליטשן זיך
אין אָפּגרונטן
פון אונדזער
איין־אליין.

עס שטאַרבט נאָך אַלץ אַרום
אַ וועלט מיט זאַכן
און ערגעץ שטאַרבן
אויך
די הימלען.

נאָר טראָגן טראָגט
אַ פלאַטערל
אונדז
מיט
מיט זיך
אין גליקלעכן, פאַרליבטן
דרימלען.

# אַ גרימעניש אין די געדערעם

„מעי המו לו..."
ירמיה ל״א, י״ט.

האָט זיך אָװעקגעזעצט
צערודערט,
שװער
דער נביא ירמיה
בײם שטױביקן אַרײנפאָר
צו דער שטאָט
ירושלים
און מיט אַמאָל דערפילט
אַ גרימעניש
אין די געדערעם:

— גאָט,
דו גלײבסט מיר כאָטש,
איך שװער,
איך הער אים,
הבן יקיר,
איז ער מיר אַ זון
אַ טײערער
ישראלס־װיכאַװאַניק?

עס װערט מיר זיס
די ביטערניש אין מױל
עלעהיי װי האָניק
װען איך מאָל אױס
זײן קול מיר.
איך הער אים.

ניט שױן־זשע
איז עס בלױז
פון פשוט גרימעניש
אין די געדערעם?

האָט זיך אַראָפּגעזעצט
אויף אַ צעלייגבענקל
אין שטעטלדיקן־שילעכל
דער אַלטער ייד
רב ירמיה
און אויך דערפֿילט,
אין מיטן קינות זאָגן
אַ גרימעניש
אין די געדערעם:

גאָט,
דו גלייבסט מיר, טאַטעניו,
איך שווער
איך הער אים.
איך הער דעם אַלטן נביא
מיינעם,
ער טוט איצט פּיעשטשענען
דעם זינדיקן אפרים,
ווי ער וואָלט געווען
אויך מיר
אַן אייגענער, אַ וויכאָוואַניק.

עס ווערט דאָס סאַמע ביטערניש
אין מויל
אַ זיסער האָניק.

איז זאָגסטו
אַז דאָס קומט מיר
סתם אזוי
פֿון הוילן גרימעניש
אין די געדערעם?

# ט ר ע פּ

אַ לעבן לאַנג
גיי איך אויף טרעפּ אַרום
בסדר.
ניטאָ איז פאַר די טרעפּ
קיין סוף.

אָט גיי איך מיט זיי,
דאַכט זיך,
שוין אַראָפּ,
אַראָפּעט
און פּלוצעם לויפט
אַ טרעפּ
אַ ווילדן לויף
אַרויף.

מדריגות אויף מדריגות.
איך ווער פון זיי
צעהוידלט
און קען מיך ניט דערשלאָגן
צו זייער סאַמע סוף
און זין.

ווו איז דען ווו דער מזרח
און ווו געזען איז מערב
און דרום,
אויב ס'איז דרום,
ווו קומט ער גאַר אַהין?

אַ לעבן לאַנג איך גיי
אַרויף־אַראָפּ
אויף לעבנס
און רעד מיר איין
אַז גיין
איך גיי אַזוי
מיר
מונטער,

נאָר עפּעס,
וואָס איך האָב עס
בכלל נאָך ניט געהאַט
נאָך,
שלעפּט מיך
און מיין לעבן
פון אַלע טרעפּ
אַרונטער.

## אַן אייביקע מינוט

דער מלאך־דומה
האָט
מיט זיינע נעגל
מיך שוין אָפּגעמאָסטן
און אַפילו אָפּגעוווינן —
נאָר ער,
אויך ער
האָט ניט געקענט
אַרויפנעמען
אויף ביידע שאָלן
פון זיין וואָג
וואָס עס האָבן מיטגעטראָגן
מיינע אויגן.

האָט ער אַרויסגעזאָגט
אַ לשון־קודש וואָרט,
וואָס לאָזט זיך בשום־אופן
ניט פאַרשטיין
און מיר געהייסן,
אין בדידה־שטיבל,
אַ נאַקעטער
אויף אייביק
שטיין.

איבער מיין קאָפּ
האָט מתיקותדיק געוויינט
די זאָרגעוודיקע שכינה
און איך,
איך האָב אויך מענטשלעך
מיטגעוויינט,
אָן כּעס
און אָן אומזיסטער שנאה.
נאָר אין די אָדערן
האָט מיט אַ שטוינענדיקן גליק
געראַוישט
אָן איין און איינציקע
מינוט —
ווייל אויך די אייביקייט
האָט ניט געקענט
פֿאַרהאַלטן
מער
דעם שטורעם
פֿון מיין לעבעדיקן
בלוט.

# אַ גוטע וואָך

דער מדבר איז
אין סאַמע מיטוואָך
ווידער
ווילד צו אונדז אַריין,
מיט ברענענדיקע זאַמדן
און אַ רויך
פון פלאַצנדיקע טאַנקען.

אָפּן זיינען אַלע וועגן
פאַרן שניידנדיקן
ווינט
און ערגעץ הינקט
אַ שומר אַ פאַרגעסענער
און שלעפּט אויף זיינע מידע
אַקסלען
מיט
אַ חברל
אַ קראַנקן.

קוקסט־אויס די אויגן דיר
ביי די פאַרטרערטע שויבן
ביז דו דערזעסט:
העט־ווייט,
העט אויבן
עס גייען יידן ווידער
איבער אַלטע וועגן
צווישן סיני
און זייער היים.

עס פֿאַלט דער נעכטן
אַ פֿאַרשעמטער
גלייך אַריין
אין רויען היינט
און פּיס פֿאַרזינקען
אין דעם זעלבן
ליים.

מ'גייט.
דער מדבר לויפֿט לאַנג
נאָך.
אויגן קוקן
צו דעם טונקלען הימלשפּרייט.
אַ מאַיאָנטיק פֿאַר אַ שטערן!
אין די רקיעים ווייט
איז בלויז
אַ טיפֿער לאָך.
וואָס פֿאַראַ מוטער
וועבט דאָרט
אַלץ אַריין
איר דורותדיקע טרייסט:
אַ גוטע וואָך!

## דער פֿאַרהאָנגענער שפּיגל

קיין בליק קען דאָ שוין מער ניט העלפֿן.
דער בייט פֿון טאָג און נאַכט האָט
מיטאַמאָל
זיך אָפּגעשטעלט.
אין דרויסן ציט זיך אין דעם הפקר ווייט
אַריין
אַ ווילד באַוואָקסן פֿעלד.
שיין זעט אויס, רב מרדכי,
דיין געצעלט!

מיין שאָטן פּרוווט אַריבערשפּרינגען
איבער שפּיגלען
שוואַרץ-פֿאַרהאָנגענע
און איך מוז
נאָכקריכן
נאָך
אים.

גאָר אָט דערהער איך
אַ גאָר קיינמאָל ניט געאַנטע
רחמימדיקע שטים:
— טו, מרדכי, אָן אויף זיך
דעם צלם אלוהים.
זע,
ער איז אַלץ אַזוי גרויס
ווי ווען דו ביסט,
אָן עופּעלע,
פֿון מוטערס-טראַכט
אַרויס.

די גאַרע וועלט
האָט זיך דאָרט
אָפּגעשפּיגלט
אין דיין אויג
מיט דיר אין וויגל.

וואָס אָרן, גאָרעניו,
דיך גאָר
די שוואַרץ־פאַרהאַנגענע
מרחקים
אין דעם שווינדל־שפּיגל ?

## קעפּ געעפנטע

איך וויסטע פעלדער
ליגן קינדער.
קעפּ געעפנטע.

דער טרויער פון אין-סוף
פּאַלט־צו צו זייער בלוט
ווי צו
אַ פאַרסמטן־האָניק.

דאַכט זיך,
ערשט ניט לאַנג
אַרויס איז אַ געלעכטער דאָ
און עמעצער אַראָפּ
איז
האָפּעדדיק
פון דעם געשניצטן־גאַניק.
איצט ליגן קעפּ געעפנטע
און אויגן
שטאַר,
פאַרגליוערט.
אַ כמאַרע איילט אַוועק.
אַ בוים טוט הילצערן
אַ דראָזשע.
און אין דעם הימל
זיצט זיך די פאַמיליע
און טוט אַרונטער קוקן
פון אַ גן־עדנדיקער
לאָזשע.

# ד ע ר ל י ג ן

איך לייג אַוועק די פּען
און הייב־אָן
מיט דער שווערד
צו פּאָכן.

(עס רעדט זיך נאָר אַזוי,
באמת
זיינען מיינע פינגער
מיר
צעבראָכן.)

איך בין איצט גרייט.
איז גוט וואָס איר זענט
דאָ
און ווילט זיך שלאָגן,
סוף כל סוף,
מיט מיר
גאַלאַנטע שונאים.

(שונאים?
בלויז אינעם חלום
קומען זיי
אַ פּנים.)

אַ שטשור שטייט לעבעדיק
און קוקט מיט אַ רחמנות
אויף מיין פאַרשימלט,
שטיקל ברויט.

ער וועט עס כראַמטשען
ערשט
ווען ער וועט זיכער זיין
אַז איך ליג
טויט.

אוי שוטה,
איך,
בן־פּיקהאַלץ,
קרומער קאָפּ,
פאַרוואָס זאָל איך
ניט גלייבן
דען
אין ליגן ?

וואָס איז דער אמת
פאַר
די אָפּגעלעבטע פליגן ?

## נהר די־נור

איין שפּאָן אַוועק
פון מיינע ענגע
דלד אַמות,
סאַראַ שפּאַן,
אַ כמות!

אַ ים מיט פייערן
טוט פּלוצעם
איבערברענען
אַלע פייער־צונגען
אין גליענדיקע
הייכן.

אין־לשער
זוירעמערט
מ׳קען מיך
נאָך
דערגרייכן.

אַ טייך פון פלאַמען,
נהר די־נור.
גאָטס־אָטעם ברענט
אין מיינע האָר.

## וואָס טוסטו וואָס, אדם?

דער כביכול קוקט
שטוינענדיק
אַראָפּ,
דורך אַ שפּאַרונע,
צו דער גרויער
ערד
און איז מהרהר:
— וועט ער אַהער
דערגרייכן?
וואָס מיינט ער
דאָרטן
אדם?

געווען איז ער
אַ פּראָסטער לאַנד־גייער,
אַ פוס־שלעפּער,
פויל צו קריכן —
וועט ער די הימלען
שפּאַלטן
גאָר אין גיכן?

צי וועט ער ניט
פאַרבלאָנדזשען
צו זיינע אייגענע
אין־סופן?

צו וואָס האָב איך
אַזאַ מין מענטש
געטראָפן?

זעט ער עפּעס־וואָס
נאָך אויס
אָן מיר ?
ער האַלט זיך דאָך
אין איין
אָפּרוקן.

שווער איז פון די הימלען
ביז צו אים
אַראָפּ
צו קוקן.

אדם,
האָסטו דען ניט
מיך
ביי דיר אין האַרצן
ווי אַ גאָט
באַשאַפן ?

וואָס־זשע ביסטו,
שוין
פון בראשית־אָן,
מיט שרעק
פון מיר
אַנטלאָפן ?

# סוף כל סוף

וואָס פאַר אַ מאָגער ליכט
וואַרט אין דעם טונקלען
דאַכצימער
פון אונדזער היים
אויף דיר?

בלייבסט שטיין.
דאָס פנים אָפן
און פרעגנדיק די אויגן.

אַן אָפּשיין
האָט זיך אויפן וועג צו דיר
איבערן שירעם פונעם לאָמפּ
פאַרזאַמט
און בלויז אַביסל
אויסגעבויגן.

מיט אַ צעקרומטן גוף
קוקט צו
אַן אַלטער טשוואָק
אין וואַנט
און שטרעקט אַ האַלצשניט
אויס בנעימותדיק
אַ ווייכע־האַנט.
עס פאָלגן אַלע מיט רחמנות
נאָך
די שנירלעך־טרערן,
די בורשטינענע,
אויף דיינע באַקן.

דורך פליגלפענצטער
עס גנבעט זיך אַריין
אַ בלייכער ציטער
פון פאַרזאָרגטע שטערן.
ווער וויל דאָס וויסן
דאָרטן
וואָס דו ביסט איצטער
אין דער וועלט
מתקן?
איך קוק
דורך מילכשויבן
אין הימל
און דערזע:
די נאַכט האַלב־בלינד
שלעפט צו אונדז
צו
אַ שטראַל
אַ שפּעטן.
אפשר וויל דאָס
גאָט
אַזוי
מיט אונדז
סוף סוף
זיך
איבערבעטן?

# אַ רויטער האָן

עס קרייעט אין זכרון מיר אַרייַן,
אַ יעדן קאַלטן
מאָרגן,
אַן אַלטער,
רויטער
פייערדיקער־האָן ;
ווען האָט ער פריער
אין מיין לעבן
אַט־אַזוי
געקרייעט ?

עס וואַקסן שקצים מאָלדאַוואַנער
אויפן מיסטגראָז
פלוצעם
מיט די קוטשמעס זייערע
און מיט קרומע מעסערס
אויס —
דער ווינט האָט זיי, אוודאי,
אַט־אַהער
פאַרווייעט.

פאָרט אַרויס,
אויף מיין פאַרבענקטן־שליאַך,
אַן אָפּלאַקירטער
שוואַרצער פאַעטאָן
און שלעפּן שטעטלעך־חרובע זיך
מיט
אין סאַמע קרייען
פונעם
ביסטרע
האָן.

אַ נאַכט לויפט נאָך,
אַ נאַכט אָן אָטעם
און אָן אַ סימן פון לבנה.
עס טרויערט ערגעץ ווו פֿאַרלוירן
אַ קול פון שופר,
אַ קול פון אַ דערשטיקטער תרועה,
אַ גלות ראש השנה.

דערשרעקט דאָס קרייען זיך
און לעשט זיך אויס דער רויטער
האָן —
און וואָס עס איז אין ניט געשטויגענעס
פֿאַרשוואָנקען
טו איך שטיל
דעם מאָרגן
אַ
דערמאָן.

## פון אַלע קולות

פון אַלע קולות
איינגעדרימלט
לאַנג
אין מיר
קען נאָך ניט ווערן
היינט
קיין תפילה —
ווייל ווייסן ווייס איך
דאָך
ניט קלאָר גענוג
אויך וואָס איך ווייס
אַפילו.

ווינקט צו מיר
אַ רויער שטיין,
די ערד,
אַ קבר אָפן.
איך בין מיט זייער שטויב
אין לייב,
פון בראשית־אָן,
גאָר ווייט
אַנטלאָפן.

באַפעלן זיי מיר,
מיט אַ שטרענגן בליק,
פאַר זיי,
אַצינד,
אָט־דאָ
צו
קניען.

צי האָבן ניט
צו מיר
אַזוי
גערעדט אַמאָל
נביאים־בערג
פון ציון ?

פון אַלע קולות
איינגעדרימלט
לאַנג
אין מיין געביין
קען איך ניט הערן
נאָך
קיין תפילה.

כאָטש ווינען ווינט
אין מיטן שרייבן
יעדער אות —
בעט איך ביי יעדן אות
מחילה.

# די גאַסן ווערן לענגער

די גאַסן, דאַכט זיך, הייבן־אָן צו ווערן
לענגער —
די פיס מיינע אַביסל קירצער.
מיין לעבן גליטשעט זיך אַריין
אין פינצטערע מעת־לעתן.
צי האָב איך נאָך, מיין האַר,
פון דיין מאַיאַנטיק,
עפעס ניט דערעסן ?

די שאָטנס האָבן מיך
באַלייט
צו ווייט

און מיר מיין עיגול
שמאָל געמאַכט.
עס שרעקט,
אין פיצענקעלע שוואַרצאַפּל,
אַ פינצטערער
ניט דאָ געדאַכט.

איז עפן מיר אַ טויער
פון די פאַרעלטערטע,
קדמונימדיקע טויערן,
מיין שטייפער מלאך.
עס ברענט אַ פייער
טיף אין אויוון
און היימיש איז,
נאָך פון אברהמען־אָן,
דער ווייסער קאַלך.

עס טוט מיר חומשדיק
דערמאָנען
אבותדיקע ערד
און דונערדיקע קולות
פון מיין עברדיקן
שטאַם.

אַ וועלט שלאָפט אין אָרום
און אויף איר ברוסט
אַ שלאַנג,
וואָס לערנט זיך אַ ביס־טאָן
מן־הסתם.

שפּאַר אויף, בייצייטנס,
מיר
אַ טירל
אין די קדמונימדיקע מויערן,
איך זאָל פון דאָרט
אַ שטופּ טאָן ווייט די וועלט
צו אירע הינט
מיט אויערן.

## אויף אַ האַרטער באַנק

רבון־עולמים,
לאָז אַדורך דורך דיר
מיין חלום
ווי ער וואָלט באַדאַרפט
באמת
זיין.

אַ מנין דורות מיט חסידים
קוקן איך די אויגן
מיר
אַריין.

משיח שפּרייט זיך,
אַקאָרשט,
אויס
אַ שליאַך אַ נייעם —
נאָר קענען קען ער
עפּעס
גאָרניט אָנרירן
די ערד.

(וואָס האָט אַן עמעצער
ערשט־אַט,
ברמיזה,
פון נאָך אַן עמעצן געהערט ?)

ווינטן טוען זיך, דערווייל,
אין געסעלעך
פאַרבלאָנדזשען
און נעמען ציטערדיק־אַרום
אַ ייד.

תיפלות גויישע זיך פרווון
בוקן.
(מיינסט ממש בוקן ?
פאַרוואָס דען ניט ?)
און ערגעץ פאַלט אַריין אַ האַרן
און קומט גאָר נאָגנדיק אַרויס
אַ קול :
— דו האָסט מיר אויסגעחלומט,
כסדר,
חסיד איינער,
מיין פאַרמשיחטן
אַמאָל.

גאָט,
לאָז אַדורך דורך דיר
דעם חלום,
וואָס האָסט געדאַרפט
אָנחלומען
שוין לאַנג.

איך ליג און קוק די אויגן
אויס
צו זען דיין פנים
און קוועטשן קוועטשט מיך
שטאַרק
מיין האַרטע באַנק.

## פ ר י י

הינט גריזשען פון מיר שטיקער,
כאָטש
ניטאָ קיין הינט גאָר
אַרום מיר.
איך וויל אַנטלויפן —
נאָר וווּ האָב איך דען,
אַ שטייגער,
אָט־אַזאַ מין
טיר ?

איך זע אַ מאַן אַ קענטלעכן,
וואָס קוקט אַרויס צו מיר
פון שפּיגל.
איז דען ניט גרייט ער
זיך צו סמען
מיט אַ קעלישיק
מאַרטיני ?

דאַכט זיך אַז די שאָטנס
ווילן אונדז פאַרוויגן
און זיי שפּילן אויס אויף פידלען
אַ קאַפּריז
פון פּאַגאַניני.

לאַכט דערוויל פון מיר
אַן עקשן
און ער מאַכט פאַרשייט :
— לעבסט דאָך אין אַ וועלט
אַ פרייער.
אַלץ אַרום איז פריי.
האָסט די פולע רעכט
אַפילו
איצט
אויף זיך צו טאָן
אַ שפּיי.

## שפעט

קאַלט איז אין שטוב ווי אין אַ פּסאַרניע.
עס חלומען זיך מייז פאַרפרוירענע
אין מיטן בעט.
דער ווינט צעלעכערט מיר די אויערן
אפשר וויל ער
איך זאָל עמעצן אַרומנעמען
און וואַרגן —
איך זאָל ניט דאַרפן קיינעם
שפּעטער
טאָן אַ גלעט.

אין שכנס צימער איז איצט אָפן
אַ הייזעריקער־ראַדיאָ
און שפּאַלטן קולות זיך
פון דאָרטן אָפּ
און ווילן מיטאַמאָל
צו מיר
אין קאָפּ אַריין.

קען שוין אַזוי שפּעט אַצינדער זיין?

שפּעט איז אויף דער וועלט.

ערגעץ ברומען ווילדע חיות.
קריכן זיי אויף מיר?
דורך וויפל פראָנטן האָבן זיי זיך
דורכגעבראָכן?

אומגעקומען זיינען וויפל טעג?
צי איז געבליבן כאָטש
אַ רעשט פון אין דער וואָכן?

קוק:
אַלע גאַסן
זיינען אין אַ בלינדן רויך אַוועק
און בלויז איין פענצטער
האָט אַריינגעלאָזט,
דורך זיך,
אַזויפיל שרעק.

ווו מוז איך איצטער זיין?
אויף וועמען שיסן?
איך וויל באַר שרייען, רעזוען
איך זאָל ניט דאַרפן
הערן,
זען
און מער לחלוטין
גאָרניט
וויסן.

# ג ו ט

גוט
וואָס אויף דעם ביישטידל
איז דאָך נאָך דאָ אַ צייכן פון מיין
בלוט
דער מלאך זאָל די שוועל מיינע
כאָטש אויף אַ רגע ווייכן.
איך ווייס ניט צי איך וועל
באַווייזן
פון אַצינד
אַ טרוקענער
דורך אַלע ים־סופן
ביז צו דעם הר־חורב
גרייכן.

דער באַרג־שפּיץ
איז גאָר ווייט.
די לוחות רופן און עס ציען זיך
צו זיי די הענט.
וואָס זאָל איך מאָנען ?
מיין פאָטער האָט דאָס לעבן זיינס
די לוחות אָנפאַרטרויט —
נאָר אויך אין חלום
קאָן איך מער, אין זייערע אותיות,
מיין דרך ניט דערקאָנען —
אויך ניט מיין שטוב.
עס האָבן זיך אַזוי איצט אויסגעברייטערט
אירע ווענט
ווי עס וואָלט אַ וועלט
אומיסטן זיך, אַט־דאָרט, אַליין געשענדט.

איך וואָלט דיר אין דיין פּנים ניט געקענט
מער קוקן,
בורא.
פֿאַרמעקט איז מיר מיין וועג.
וואָס טרייבט מיך פֿאָרט די מורא ?
דערקען איך ערגעצווו די לייטער פֿון די קולות ?
מלאכים גייען דאָרט אַרויף ? אַראָפּ ?
איז עס מיין לעצטע נסיעה ?
תקיעה, שברים, שברים־תרועה, תקיעה.

# ווען קליין איז גרויס

איך בין דער לעצטער גילגול
פון דעם כעלמער רב
און האַלט נאָך אין מיין האַנט
זיין שטעקן —
איך קען מיט אים ניט שלאָגן
קיינעם ניט ,
איך קען בלויז מתים
שרעקן.

פלאָנטער איך מיך היפש
אין הוזקדיקן־שפינוועבס
פון דער וועלט,
ווייל האָבן האָב איך ניט קיין
כוח מער
און וויל גאָר ניט, חלילה,
זיין קיין העלד.

זייבען מיינע גרויע אויגן
גרוי
און רויטע אָדערלעך אַ טבע האָבן
צו פאַרבלייבן
רויט
און ווייסן ווייס איך
אַז מען שטאַרבט
איז מען ווי אַלע טויטע
טויט.

וואָס ווייס איך נאָך:
אַז ס׳איז ניטאָ, סך הכל,
קיין נאַראָנים —
אַ חוץ
דעם שוטה
וואָס אַ יעדער איינער
קאָן אים.

נאָר אַלע לצים ווילן מיך
אַראָפּפירן גאָר שטאַרק
פון גלייכן־וועג,
קען זיין
ווייל איך פאַרבלאָנדזשע מיך,
גאָר אָפט,
אין זייערע טרייפענע
פאַר טעג.

גיי בלאָנדזשע ניט
אַז וועגן זיינען
קיילעכיק
און גליטשיק

און גאָט טרייבט־אָן מיך
מיט אַ בייטש
און ווען ער וויל
דערלאַנגט ער מיט אַ סמיטשיק.

איז גיי איך,
איך
דער כעלמער רב
און קריך פון חוזק קיינמאָל ניט
אַרויס
און ווייסן ווייס איך
אַז באמת בין איך
אדם-קליין
כאָטש אַלץ אין מיר
האָט זיך צעוואַקסן
סטראַשנע
גרויס.

# אַלטע לייט

צוויי מידע זקנים
וויינען־אויס בשותפותדיק
זייער לעצט געוויין.
זיי האָבן אין דער וועלט
געהאַט
אַ מקח־טעות.
קיינער קען דאָך זיי
אַפילו ניט דערקלערן,
ווי געהעריק,
ווער איז עס ווער
און וואָס איז וואָס.

זיי שעפּן אויס
פון קוואַלן טיף־באַגראָבענע
בורשטינען־קלאָרע
טרערן
און האַלטן זיי
פאַרבענקט
אויף ווייעס
פון די קינדערישע
אויגן.

מיט אַט אַ טרער אַזאַ
האָט ניט זייער מוטער זיך אַמאָל
איבער זייער וויג,
ווער ווייסט ווי לאַנג,
געבויגן?

עס לויפן־אָן אויף זיי

זאַוווליקעס פאַרחושכטע
פון אויפגעלעבטן
דמיון.
זע נאָר זע,
איז דאָס די וויג
געוואָרן אַזוי גרויס פאַר זיי?
מיט וועלכע בעזדאָראָזשיצעס
האָט מען געקענט
אַהין
דערגיין?

אוי,
טאַטעניו,
אַ ווו איז ווו?
זיי ציען אויס די אויסגעקרײמטע
פיס
און שלאָפן־איין אין אַ בשותפות
אויסגעוויינטער
רו.

# אַלע זומערן

אַלע זומערן
האָבן מיר מיין בלוט
צעזומערט
ווידער,
כאָטש גרייטן
גרייט איך זיך
שוין
צו דעם סאַמע
ווינטער.

איך הער מיך צו
צום ווינט
פון אונדזער
בית־החיים,
נאָר שרעקן שרעקט מיך
מוראדיק
דער טויט
פון גויישדיקן
צווינטער.

אַ וועלט מיט פּנימער
קוקט לעבעדיק אַרויס
צו מיר
פון יעדן קבר,
שמעקנדיק מיט ערד
און ווינטן
פרישע —
דער טויט אַנטלויפט
פון זיי
און קריכט אַריין
אין קלויסטערדיקער
נישע.

אַלע זומערן
האָבן זיך אין בלוט
צעזומערט
ווידער —

איז וואָס־זשע
ווינטערט
נאָך אַזוי
אין אַלע מיינע
גלידער ?

## זיידנשפּינערל

דאָס פּלאַטוערל,
אַ זיידנוואָרעם,
וויל קוים זיך גלייבן :
— ווי קען מען,
גלאַט אַזוי,
אַ גאַנצן טאָג
אַלץ
לעבן ?

ער האָט שוין אויסגעשפּינט
אַ וועלט מיט שפּינערייען,
זייט דעם געבוירן ווערן —
איצט
איז ער מיד
און פויל אַפּילו
אַ ביסעלע
צו קלערן.

עס פאַרדרייט זיך אים
דער קאָפּ
פון ווינט און גינגאָלד־שטויב.
אַ ווייטער מהלך
איז נאָך
ביז
פאַרנאַכט !
פאַלט ער צום פענצטער־צו
און וואָס געדויערט דען
אַ שטאַרבן
אויף
אַ בין־השמשותדיקער שויב ?

# אין מיטן-דרינען

אין מיינע ערלעכסטע כוונות
דו טייטשסט אַריין,
מיט אַ קאָקעטן מין,
דיין אייגענע
כוונה.

געפינסט זי ערגעצוו
אין ווינקלען
פון די ווערטער,
אין זשמורען
פון מיין אויג
און אפשר גאָר
אין אומעטיקן
בליק
און ברענגסט
מיט ווייבערישן-גליק
מיר עדות
די נאָך ניט אויסגעברענטע,
תאווהדיקע
טעג.

און אין דער מיט
פון וועג
איך הייב־אָן מיך אַליין
אין זייטן-ווינקלעך
צו פאַרלירן —
איז וואָס זשע בלייבט מיר
דען
סך הכל
גאָר פלוצעם
צו געפינען?

קומט־אָן צו שרעקן מיך
אַ תהום
פון מיין פאַרזונקענעם
געדאַנק
וואָס איך האָב קיינמאָל גאָר
פון אים נאָך ניט געוווסט,
און ס'הענגען זיך אויף אים
די פרעמדע גלוסטן
אַז
און לאָזן מיך שוין ניט אַנטרינען
אין אומבאַקאַנטן
מיטן־דרינען.

# דער מידבר

דער מידבר דערלאַנגט אַ מתנה די ווינטן
צען גאָלדענע קעמלען מיט האָרבן פול ווײַן —
צופוסן פון קלויסטערס און פוסטע רוינען
פאַרגלוסט זיך די קעמלען צו ווערן בלויז נײַן.

קריכט מען אַרויף מיטן שטויב צו די הימלען
און שיכורן שיכורט אויף האָרבן די ווײַט.
אַ שאָטן לויפט נאָך מיט די טעג און די יאָרן,
נאָר ווער דאַרף דעם שאָטן און וואָס איז די צײַט?

אַ בלויקייט שווימט־אָן און פאַרלויפט אַלע וועגן,
באַדעקט מילד דעם מידבר און שלעפערט אים אײַן.
דרייען זיך קעמלען, אין שלאָף, אַרום קעמלען
און וועבן דעם מדבר אין גאָלדוועב אַרײַן.

פלוצעם צערײַסט־זיך אויף שטיקער אַ שטורעם
און שלעפט בייז דעם מידבר פון גאָלד שלאָף ארויס —
ווערט מידבר אַ קעמל, מיט ריזיקע האָרבן
און מעסט אויס דעם הימל. דער הימל איז גרויס.

# ל י י כ ט ע ר

די לייכטער שטרעקן זייערע פלעמלעך אויס צו מיר —
מ׳האָט פאַרגעסן זיי צו בענטשן.
שאָטנס וואַקסן פון זייער שיין אַרויס
און ווערן מענטשעלעך פון מענטשן.

דערלאַנגען זיי אַ טלית מיר
געשטיקעוועט פון בלוטיקע טליתים —
איך נעם אין טלית מיך אַריין
און נעם אַריין אַן עדה מתים.

עפנט זיך אין מחזור אויף אַ בלאַט
און רינט פון דאָרט אַרויס אַ טרער,
זי בלאָנדזשעט אין די אויגן רונד־אַרום
און קומט צוריק די זעלבע טרער.

די לייכטער בייגן זייערע פלעמלעך טיפער איין —
מ׳האָט פאַרגעסן זיי צו בענטשן.
שאָטנס וואַקסן אין די פלעמלעך אויס,
וואַקסן אין זיי מענטשן?

## י ר י ח ו

אַ וואָקל
האָט זיך ווידער שטאַרק געטאָן
יריחוס־מויער.

אַ שרעק,
געטריבן פון אַ בלאָזנדיקן האָרן,
האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מלכס
לינקן אויער.

אין אַלע ווינטן האָבן האָפערדיק
געסאָפּעט
די מלחמה־פערד.
יהושע האָט געשטרעקט די שפּיז
און אַ צעקרישלטער איז פון דעם מויל
אַרויס
דער לעצטער צאָן
פון אַלט־יריחוס
ריז.

די זון האָט קוים זיך אָנגעהאַלטן נאָך
ביים ראַנד פון הימל.
וואָס האָט זי זיך
מיט דער מלחמה אָנגעקערט?
האָט זי בלויז אויסגעבאָדן, מוטערלעך,
מיט שקיעה־בלוט
דעם מערב־זוים
און ציטערדיק געזעגנט זיך
מיט כנענס־ערד.

באַגינען האָט אַ טאָג זיך אַרום זיך
אַזש זיבן מאָל געדרייט
און פּלוצעם איינגעפאַלן מיט יריחות מויער.

זיבן פריידן האָבן ווי די זיבן
קופּערשלענג
געקוועלט
און זיבן שאָטנס האָבן לאַנג געוויגט
דעם טרויער.

געפאַלן איז יריחו!

די אייביקייט האָט זיך צעריבן און —
געוואָרן שטויב.
יהושע האָט דערזען די אימה טוליען זיך צו יעדער שפּיז —
נאָר פאַלשע ציין האָט זיך
אַריינגעשטעלט צוריק
יריחוס־ריז.

## בראשית ברא

יונגע פאַרפלעקטע פאַרנאַכטן
שווימען אַרום אָן אַ היים.
בראשיתדיק פרירן דיביימער,
מען טריקנט אַריין אין דעם ליים.

פייגל פאַרטשעפּן אַ סקאַלע
און שטרעקן די פליגל צום ווינט.
עמעצער שפּאַנט אויף די וועגן,
דער וועג שפּאַנט־מיט גליטשיק און בלינד.

פון הימל דערלאַנגט מען אַ פענצטער,
די נאַכט נעמט־עס מיט אין איר נאָרע
און זעט דורך דעם פענצטער אַ חלום:
בראשית? בראשית ברא.

# אויסגעטאָן

װעל איך אויסטאָן מיך
אַפילו
פֿון מײַן נאַקעטקייט
און װערן מיט דיר אײנס,
אומענדלעכער.
װער דאַרף אַ װערעמל
אַ קלײנס?

איך װעל מיך מער ניט רירן,
רוען.
אָפּגעשניטן װעלן װערן
פֿליגל
— פֿון דער צײַט —
אָפּגעװישט
די קײַלעכדיקע
שעהן.

אַלעס װעל איך פּרוּװן,
כּל־עצמותי פּרוּװן.
האָסט דען ניט באַשאַפֿן מיך
דערצו
יושב כּרובים?

# כי טוב

עס וואַרגט מיך, וואַרגט
מיין ליד
אין אָט דער ליל־שימורים
נאַכט:
— הייב אויף דיך
איבער זיך,
דו
בחיר־היצורים
איינער,
איידער מ׳האָט דיך
אומגעבראַכט.

פאַרלעש די אויגן
גיך,
ס׳אַ סכנה דאָ זייער
זען.
פארשטאָפּ
די אויערן —
ווער קען עס הערן
אַזאַ מיין יאָמערדיק
געוויין ?

לאָז אַלע אברים
אָפּ.
זאָל פירן ווער עס פירט
און פּוסטעווען
וואָס איז ממילא
פּוסט.

פאַרגעס
וואָס האָסט גאָר קיינמאָל נאָך
מסתמא
ניט געוווּסט.

צי, מיט די לעצטע כּוחות,
פונעם שטום־לשון
אַרויס
אַ וואָרט,
אַ טאָגווינאַכטיק
וואָרט —
טונק־איין עס
אין די אייגענע מחשבות
טיף
און זאָג :
— כּי טוב . . .
איז נאַכט
צי חושכדיקער טאָג ?

## תאוותדיקע תפילה

וואָס העלפט דאָס לויפן
דען
אין די מרחקים.

באַנעם:
עס פּאָרן זיך די ברואים
מיט ווייטיקדיקער תּאווה
אויף דער ערד
און האָס

און יעדער גרעזעלע,
צי בוים
און אויך אַ מאַלפּע
באַהעפטן זיך
און בייסן זיך אַריין
אין צווייטנס גוף
מיט רויען כעס.

ווי ווערסטו אָפּהיטן
אין זיך
אַזאַ מין שיין
וואָס זאָל בלויז ברענען
אין דער טיף
און דיך ניט בריען?

אָט רייסט זיך
פון דער נאַכט אַרויס
און פלאַקערט אַרום דיר
אַן אימהדיק־שאַריען.

ווען דו ווערסט,
ווי אַ דאָמב,
אַ פאַל טאָן אויף דער ערד
דערשטוינט,
וועט דען ניט בלוטיקן
ביי דיר
אַ קני,
כאָטש וועסט ניט וויסן
גאָר,
חלילה,
אַז דאָס האָט זיך
צעבלוטיקט
תאווהדיק
אַזוי,
אַצינד,
אין דיר
דיין תפילה.

# הרגענען די צייט

איך קען דיך קוים דערקענען,
קדמון,
פון קדמונים לאַנד —
עס ליגט ניט דער גן־עדן
אויף דיין פּנים.

אַ שווערד איז איינגעשניטן
אין דיין לייב,
דעם מלאכס־שווערד,
אַ פּנים.

די שלאַנג,
די פרוי,
דער אַשמדי,
זיי הענגען אַלע
שווער
אויף דיר.
אַ שרעק דיך
אָנצוקוקן.
דו זעסט אויס אַלט,
אַ זקן.

איך שפּיגל זיך
ניט אָפּ
אין פּרצוף דיינעם.
פאַרמעקט איז אונדזער
שפּיגל.

צי האָבןביידע
מיר
שוין אויסגעהרגעט
טאַקע
אַט אזוי
די חיות,
פיש
און יעדער מין
געפליגל?

עס ברענט גאַר בייז
אַן אויג
ביי דיר
(צי אפשר נאָר ביי מיר.)
דאָס צווייטע האָסטו
אָנגעווירן
אין חלומות
ערגעץ ווייט.

טאָ וואָס־זשע
ציטערן
איצט
ביידע מיר
פאַר דעם
וואָס פרעגט:
— ווי הרגעט מען אָוועק
אומזיסט
די צייט?

# אין געראַנגל

איז יעקב הינקענדיק אַוועק
פון דעם פרימאָרגן
און האָט אין נייעם ליכט דערזען:
דער מלאך לעבן אים
האָט אויך גענומען
אונטער הינקען.

די וועגן אונטער זייערע פיס
געפּלאָנטערט זיך,
פול שרעק,
איך וועג אַריין אין צוויטן
און אַ שאול
אין אַ שאול
געוואָלט
איינזינקען.

נאָר יעקב האָט נאָך
פאָרט
געפּרווט
דעם אַלטן יעקבן
אין זיך געפינען
און דערפילט:
עס איז צו שפּעט
ער איז באַשאָנקען
מיט אַ נייעם
נאָמען.

מיט וויפל פעלקער
וועט ער ראַנגלען זיך
דערפאַר?
מיט פעלקער אייגענע
געבוירן
פון אברהמען?

האָט ער זיך אויסגעשטרעקט
אין גאַרער לענג
און זיך אַ נעם געטאָן
לדורות
טרייסטן:
— פאַר וואָר,
איך האָב געראַנגלט זיך
און האָב
געקענט —
איז האַלט איך
פעסט
איצט
די מלאָכים אין די הענט.

# איז וואָס וועט זיין?

יאָ,
איז וואָס וועט זיין
אַז דו וועסט זיך אין מיר
אַ לעבעדיקער
ברייט
צעוואַקסן
און וועסט אַ ציטער טאָן
מיט יעדן ציטער
פון מיין לייב
און וועסט זיך
מאַטערן
מיט אַלע זינדיקע מחשבותן
אין מוח
און מיט פאַרכאַפּטן אָטעם
און אַ בלינדן־כּוח
זיך רייסן
צו אַ פרישן,
קינדערישן
לאָבן־ברויט אין חלום
און דאָרט מיט מיר אַריין

און מיט אַ מאָל
וועסטו דערהערן
מענטשן לויפן ווילד
אין גאַס
און שרייען הויך
פון אַלע פלויטן:
— אוי וויי און ווינד,
מיר האָבן דאָך
אין אונדז
געפינען ליגן
גאָט
אַ טויטן.

איז וואָס וועט זיין?

# אַ פּסוק מיטן טראָפּ

מיר וואַרפן, שווייגנדיק,
אַראָפּ
פון זיך
די קליידער די סאָלדאַטסקע
און טוען־אָן
אַ פּנים אַש און טרויער.

אַ וויפל קולות קען
אַריינלאָזן
צו זיך
אַן אָנגעשפּיצטער
אויער?

די שונאים הייבן אויף
די קעפּ
און פון זייער צונג
שפּרינגט ווילד
אַרויס
אַ שלאַנג.

מיזמור לדוד —
פון וואַנען קומט צו זיי
אין מויל אַריין
גאָר
אונדזער תהילימדיק
געזאַנג?

חילות רוקן־אָן זיך
פון אַלע שבעה ימים.
זיי גייען
בלינד און טויב
און הוידלען
אויף די אַקסלען
שטאָלץ
די פולע זעק מיט רויב.

עס מישן זיך
די עולמות צונויף
אין אונדזער מידן קאָפּ
ווי דאַמאָלסט
ווען עס האָט אַ קינד
דעם רבין נאָכגעזאָגט
אַ פּסוק
מיטן טראָפּ.

ה׳ סלעי ומצודתי —
גוואַלד, ווי גרויס איז ער,
דער טרויער!
ווו קען מען, ווו
באַשטעלן איצט ביי אים אַ מויער?

## מען קען מיך ניט נייטן

מען קען מיך ניט נייטן
צו שפּילן
אויף גוייִשע האַרפן
און פידלען
און פלייטן.

עס פינצטערט חצות
ווי אַן אויג
וואָס איז פּלוצעם
פאַרלאָשן.

גאָט
בענקט איצט
ביחידות
צו הערן
דאָס יידישע
לשון.

ניין,
איך וועל אים ניט שפּילן
אויף האַרפן,
שאַרמאַנקעס
און פלייטן.

מען קען
מיך
ניט נייטן.

אַ וואָרט וועל איך
נוצן,
די זילבן
פון פייער צעשפּאָלטן,
אין האָרן עס האַלטן
ביים בלאָזן.

איך וועל עס פֿאַרוויגן
מיט פּיין
און מיט שרעקן
ווי לאַנג נאָר
דאָס האַרץ
וועט
דערלאָזן.
און אויב עס וועט
אפשר
זיין נייטיק
עס וואַשן
אין ימען פֿון ווייטיק,
עס זאָל גאָר
ניט קענען
אַריין
מער
אין העלדזער
פֿון פֿידלען
און פֿלייטן.

מען קען
מיך
ניט נייטן.

# אַ שוואַרץ געוויין

גענזעסן זייַנען זיי
ביים האַלבלבנתדיקן
ראַג
אַ כאַפּטע
שוואַרצע
טאַטוירטע
ברואים —
די גופים זייערע
איינגעהילט
אין פּיסטרע
טראַכטן.

די האָר ווי באַדלונען
שטעכיק
און ביטולדיק
די שמייכלען.
דער בליק אַן אַנגעלאָדענער
גאָר שווער
מיט פינצטערע פאַרדאַכטן.
(דאָ קריכט דער חידוש
ווי אַ ממזרל אַרויס:
סטייטש,
זיי האָבן דאָך מיט שוואַרצע
קנאַפּ
זיך אַנגעקערט
און פון אַזאַ מין גזע
בכלל
גאָר ניט
געהערט.)

איז האָבן זייערע
שמייכלען
סתם
געפּרוווט פֿאַרשמירן
אָט־אַזוי
אויף זיך אַליין
די ערדיש־שוואַרצע
אורפֿאַרב
פֿון יעדן מענטשלעכן
געוויין.

## שאָטנס טראָגן קרוינען

מיין אויג
איז גרויס —
דערשרעקן זיך
די ווערטער
און שפּרינגען
פון די אותיות
אַרויס.

אויף וואָס האָסטו
פאַרמאָסטן זיך
מיין ליד?

די נאַכט פאַלט צו
און וויגטן לאַשטשען זיך.

דער חלל הוידלט
לאַנג
אַ פּינטעלע
וואָס גליט.

די שאָטנס
טראָגן
אַט־אַהין
די קרוינען מיינע
גיך
אַוועק.

וואָס בלייבט
אויפן
פּאַפּיר?

אַ סימן
פון
אַ מענטש?

אַ פלעק?

# אינהאַלט

●

## פון זעלבן מחבר :

פֿאַרמען אין ברען. דערציילונגען. 1937־38. ווילנער פֿאַרלאַג פֿון ב. קלעצקין.

דורות שרייען מיך אַריבער. לידער. געדרוקט אין מאָנטרעאָל, 1969. (באַקומען די י.י. סיגאַל ליטעראַטור־פּרעמיע.)